# געזאַמעלטע ליעדער
פון
# מאָררים ראָזענפעלד.

## COLLECTION OF POEMS

BY

## MORRIS ROSENFELD.

1904

ארויסגעגעבען פון דער
אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטהעק פערלאַג קאָמפּאַני,
23 דואֵין סטריט, ניו יאָרק.

# ארויסגעבערס פארווארט

מיט דער יעצטיגע אויסגאבע „געזאמעלטע ליעדער פון מ א ר ר י ס ר א ז ע נ פ ע ל ד", האבען מיר ווידער געציינט דעם אידיש־לעזענדען פובליקום אונזער אויפריכטיגע און דורכ־אויס עהרליכע מיינונג צו ברענגען אויף דעם אידישען ביכער־מארק דיא בעסטע און שעהנסטע ליטעראטור. עס בלייבט אלזא א'ן אנערקענטער פאקט, אז דיא „אינטערנייש'אנאל לייברערי פאבלישינג קאמפאניע" איז פארלויפיג דיא איינציגע אידישע פאבלישינג הויז אין אמעריקא און רוסלאנד, וואס האט גענומען אויף זיך דיא ר י ע ז י ג ע און ר י ז י ק א ל י ש ע אויפגאבע צו שאפען א געוועהלטען קלאס לעזער פיר א ערשטע קלאסע ליטע־ראטור אין מאמע־לשון.

ווען דיעזער פערלאג איז מיט עטליכע יאהר צוריק צום ערשטען מאל ערשיענען מיט זיינע פאאר ערנסטע אידישע ביכלאך, האט ער זיך פערלארען אין דעם גרויסען ים פון אללערהאנד שונד, וואס האט דאן גערוישט און געשטורמט אין גאנץ אמעריקא, און וועלכער האט איינגעשלונגען אין זיך כמעט אללע אידישע לעזער. עס האט אויסגעזעהען זעהר טרויעריג פיר אונז און מיר האבען שיער פערצווייפעלט. דאך דיא נאטור־געזעטצע, אז דאס געזונדע און קרעפטיגע זאל איבערלעבען דאס קראנקהאפטע און שוואכע, האבען ריכטיג אויסגעהאלטען. דיא קרעפטיגע און קערן־געזונדע ביכער פון אונזער פערלאג האבען מנצח געוועזן דיא פערדארבענע און פערדערבליכע שרייבעריי — מיר האבען געזיעגט.

דיא שוויריגקייט וואס דיעזע פאבלישינג הויז האט ג ע ה א ט און ה א ט נאך ביז א געוויסען גראד יעצט אויך אין דורכשלאגען

א פרייען, אונגעשטערטען וועג צו אַלע אידישע לעזער אָהן אויס־נאַהמע, איז אַ דאָפּעלטע: ערשטענס, דער קאַמפף נעגען שונד, וועלכער האָט זיך אזוי שטארק איינגעוואָרצעלט אין דיא מוחות פון פיעלע אידישע לעזער; צווייטענס — און דאָס איז דיא הויפּט־שוויריגקייט — צו דערוועקען דיא אידישע פּרעססע פון דיעזען לאַנד, זיא זאָל אונזערע ווערק רעצענזירען — אזוי וויא, להבדיל, דיא גוים טהוען — און צייגען דער וועלט דעם גרויסען פאָרטשריט פון אונזער מוטטער־שפּראַכע און דיא גרויסע נוטצען; וואָס אונזער פערלאַג האָט געבראַכט פיר אידען איבעראַל, וואו מיר האָבען זיי נור געקענט דערגרייכען. דיעזער פאָרוואָרט איז ניט קיין אַדוועטייזמענט און מיר ווילען דאָ ניט אויסרעכענען דיא וויכטיגע ווערקע פון אונזער קאַטאַלאָג מיט וועלכען מיר מעגען שטאָלצירען; דיעזע צייליגן זיינען מעהר אָ׳ן אַפּיעל צו דיא איינ־טעליגענטע אידישע לעזער, אַלס אַ רעקלאַמע פיר אונז אַליין און מיר ווילען בלויז דערמאָהנען, דאָס ווען מיר וואָלטען נאָר ארויס־נעגעבען אין אידיש „דיא קולטור־געשיכטע“ דיא געשיכטע פון „דיא גרויסע פראַנצויזישע רעוואָלוציאָן“, „יציאת מצרים“, דיא ביאָגראַפיעס פון „אַריסטאָטעל“, „רמב״ם“, „ר׳ סעדיה גאון“, „ר׳ ישראל בעל שם טוב“ און ענדליך דיא גרויסע זשעניאַלע, וועלט ווייט־בעריהמטע „געזאַמעלטע ליעדער פון מאָררים ראָזענ־פעלד“, וואָלטען מיר אויך געמעגט אַפּעלירען צו דער סימפּאַטהי פון דיא אידישע לעזער און צו דיא אידישע פּרעססע זיא זאָל אונז געבען דיא ריכטיגע אַנערקענונג וואָס מיר פערדיענען.

סיי וויא סיי אָבער זיינען מיר שטאָלץ אויף אונזער ענערגי־שע, אונערמיעדליכע ארבייט, וועלכע האָט כמעטביידע שוויריג־קייטען בייגעקומען. דיא „אינטערניישאָנאַל לייברערי פּאָבלישינג קאָמפּאַני“ שטעהט יעצט איז פערבינדונג מיט אַלע בוכהאַנדלונגען אין דער וועלט און דיא פּרעססע הויבט אונז אויך אָן צו שענקען מעהר אויפמערקזאַמקייט און וועט האָפענטליך אַנערקענען אונזער גרויסע אויפּאָפּפערונג פון צייט, מיה און געלד צו גונסטען פון אונזער פאָלק.

דיא ארויסגעבער.

# פאָרוואָרט

דער מייסטער פון דיזען ווערק האָט מיך, זינדיגען פּראָזאַ־שרייבער, איינגעלאַדען צו שרייבען אַ פאָרוואָרט. ער גלויבט אין דעם אַלטען ווערטעל, אַז „אַ ספר אָהן אַ הקדמה איז וויא אַ גוף אָהן אַ נשמה.“ אבער דיזעס ווערק אָהן אַ הקדמה קען נאָר זיין אַ נשמה אָהן אַ גוף... דען וואָס איז פּאָעזיע, אויב ניט נשמה? און וואָס איז אַ פּראָזאַאישער פּירוש אויף איהר, אויב ניט אַ שטיק חומר?

זאָל זיין וויא עס וויל, דעם דיכטער'ס איינלאַדונג נעהם איך אָן. איך טהו עס ניט בלויז צו בעפריעדיגען ז י י ן פערלאַנג, נאָר אויך מ י י נ ע ם. עס איז אַ געניוס פיר מיין פעדער צו בעריהרען אַ ווערק, וועלכעס איז פערבונדען מיט דעם פאָרטשריט פון דער אידיש־דייטשער ליטעראַטור אין אַמעריקאַ.

מיין טהעמאַ פיר דיזעס פאָרוואָרט איז: מאָררים ראָזענפעלד און זיין פּאָעזיע. זאָל דאָס פּובליקום, וואָס לעזט דיא פאָרליעגענדע געדיכטע, וויסען מיט וועמען און מיט וואָס עס האָט צו טהאָן.

מאָררים (משה יעקב) ראָזענפעלד איז געבאָרען געוואָרען דעם 28טען דעצעמבער 1862 אין באָקשאַ, אַ דאָרף דריי מייל ווייט פון סעני, סובאַלקער גובערניע, פּוילען. זיין זיידע, זיין פאָטער און פיעלע אַנדערע, וועלכע האָבען געהערט צו זיין פאַמיליע, זיינען געוועזן פעכטער פון פיש־טייכען. ווען ער איז נאָך געוועזן אַ קינד האָבען זיינע עלטערן איבערגעצויגען נאָך וואַרשאַ. וויא אַלע אידישע קינדער פון יענער צייט האָט ער געקריגען זיין ערציהונג

אין חדר, וואו ער האָט געלערנט אביסעל תנ"ך און גמרא. אויסער דיזע געגענשטענדע האָט ער אביסעל געלערנט פּויליש און דייטש.

אין 1882, דאָס יאהר פון דער גרויסער אידישער אויסוואַנ־דערונג פון רוסלאַנד, איז אויך ראָזענפעלד געוואָרען אָנגעשטעקט מיט דעם גייסט פון וואַנדערן, און אין דעם האָט ער ארויסגעוויעזען דיא אונרוהיגע נאַטור פון דעם דיכטער. ער איז אוועק נאָך אַמסטערדאַם, האָללאַנד, און אין דריי מאָנאַטען ארום איז ער פון דאָרטען אוועק נאָך אַמעריקא און איז נאָך אַ קורצער פערווײלונג געקומען צוריק; אין 1883 איז ער געגאַנגען נאָך לאָנדאָן, ענגלאַנד, און אויך פון דאָרטען איז ער נאָך אַ קורצער צייט (6 מאָנאַטען) געקומען צוריק אין פּוילען. אין לאָנדאָן איז ער דעם זעלביגען יאהר ווידער געקומען און האָט זיך דאָרטען בעזעצט. אום זיך און זיין פאַמיליע (ער איז שוין דאַן געווען פערהייראַטה) צו ערנעהרען, האָט ער זיך דאָרטען גענומען צו שניידעריי און איז געוואָרען אַ'ן ארבייטער אין דיא „סוועט שאָפּס". זיין לאַגע אין לאָנדאָן איז איהם ניט געפעלען געוואָרען און ער איז נאָך דריטהאַלבען יאהר, אין 1886, אוועק נאָך ניו יאָרק, וואו ער געפינט זיך ביז היינטיגען טאָג. היער, וויא אין ענגלאַנד, האָט ער זיך עטאַבלירט אַלס „סוועט שאָפּ" שניידער.

ראָזענפעלד'ס מוזע האָט זיך צום ערסטען מאָל אויסגעדריקט אין שריפט אין זיין זעכצעהן־יעהריגען אַלטער. מיט פינף או צוואַנ־ציג יאהר צוריק האָט ער פערפאַסט אַ געדיכט, וועלכעס ער האָט בעטיטעלט: „דיא זעלנעריי". דיזעס געדיכט איז קיינמאָל ניט ערשיענען אין דרוק, אבער עס איז געווען דאָס ערסטע, וואָס ער האָט געשריעבען. זייענדיג אין לאָנדאָן, ערצעהלט מיר דער דיכטער, האָט ער געשריעבען פיעלע געדיכטע, וועלכע זיינען עבענפאַלס קיינמאָל ניט געדרוקט געוואָרען, אבער זיי האָבען צירקולירט אונטער דעם עולם. זיי זיינען געווען ליעדער צום זינגען.

זיין ווירקליכע דיכטער־קאַריערע האָט ראָזענפעלד אָנגעפאַנגען ערסט נאָך זיין בעזעצען זיך אין אַמעריקא. גלייכצייטיג מיט זיין

ארבייט אין דיא שניידער־שאפּ האָט ער אָנגעפאַנגען זיין ארבייט פיר דיא היעזיגע צייטונגס־שאפּס... דאָס ערסטע געדיכט, וואָס ער האָט פערפאַסט אין דיעזען לאַנד, איז געווען בעטיטעלט „דאָס יאָהר 1886“ און איז געדרוקט געוואָרען דעם 27טען דעצעמבער 1886 אין דער „ניו יאָרקער יודישער פאָלקסצייטונג“. זייט דאַן זיינען פון איהם אָפט ערשיענען געדיכטע אין פערשיעדענע יודישע צייטשריפטען, וועלכע זיינען היער ארויסגעגעבען געוואָרען, און ער האָט זיך באַלד געמאַכט א נאָמען. ער איז צו יענער צייט געווען זעהר ווילקאָמען, ווייל אמת׳ע דיכטונג אין אידיש איז אין אמעריקא דאַן געווען א נייעס. דער בעגריף האָט אין אונזערע קרייזען דאַן געהערשט, דאָס דיכטונג איז אַלעס, וואָס איז פערפאַסט אין גראַמען. דיעזען בעגריף האָבען דאַן געהאַט ניט נאָר גאַנץ אונוויסענדע פערזאָנען, נאָר אויך מענשען, וועלכע האָבען זאָנסט געקענט שרייבען. מעהרערע פון אונזערע יעצטיגע גוטע פּראָזאַשרייבער האָבען זיך דאַן אָבגעגעבען מיט שרייבען „פּאָעזיע“, מיינענדיג אז אַלעס איז פּאָעזיע, וואָס איז געשריעבען אין גראַמען. עס איז ניט געווען, ווער עס זאָל זיי דערמאָהנען, אז פּאָעזיע (וויא וואָלטער זאָגט) איז דיא מוזיק פון דער זעעלע און אז עס קען זיין פּאָעזיע אָהן גראַמען און גראַמען אָהן פּאָעזיע. ווען עס האָבען זיך אָנגעהויבען בעווייזען ראָזענפעלד׳ס געדיכטע אין אונזערע צייטונגען האָט מען אין דער אידישער פרעסע פון דיעזען לאַנד ערסט אָנגעפאַנגען צו זעהן צוזאַמען מיט גראַמען אויך פּאָעזיע. עס איז, אמת, צו יענער צייט שוין איז אין דיעזען לאַנד געווען דער אונפערגעסליכער עדעלשטאַדט; אָבער ער האָט זיך נאָך דאַן ניט געלאָזען הערען, און אויסער דעם האָט ער קיינמאָל ניט געהאַט ראָזענפעלד׳ס פּאַטישען שוואונג.

צעהן יאָהר האָט דער דיכטער געאַרבייטעט אין דיא שניידער־שאפּס, ניט האָבענדיג קיין אַנדער קוועלע פיר חיונה, און זייט ביי זייט מיט דער נאָדעל האָט אויך פלייסיג געאַרבייטעט זיין פעדער. דיא געדיכטע, וועלכע ער האָט אין דעם פערלויף פון דיעזער צייט פערפאַסט, זיינען פיעל און צווישען זיי געפינען זיך דיא הויפּט

שעפּפונגען פון זיין טאַלאַנט. עס איז געוועזן אין דער צייט פון
זיין שניידער־קאַריערע, דָאס ער הָאט געשריעבען זיינע ארבייטער־
געדיכטע, וועלכע הָאבען איהם געמאַכט אזוי פּאָפּולער. דיזע
געדיכטע זיינען געשריעבען מיט א'ן אונגעוועהנליכען פייער, אָנ־
געצונדען פון א דאָפּעלטער קרענקונג; דען אלס ארבייטער הָאבען
איהם געקוועלט צוויי זאַכען: דיא דריקענדע ארבייט אין דעם
קלעגליכען „סוועט שאָפּ“ און דער געדאַנק, דָאס ער, וועלכער איז
בערופען צו זיין א מייסטער פון דער פעדער, זָאל זיין א שקלאַף
פון דער נָאדעל! צו פערווערטהען דיא קראַפט פון זיין פעדער
איז איהם צו יענער צייט געוועזן אונמעגליך. ביז אכט—ניין יאהר
צוריק איז דיא אידישע פּרעסע אין דיזען לאַנד געוועזן מאַטעריעל
אין א קלעגליכער לאַגע. ארויסגעבער זיינען געוועזן אָרים און
שרייבער זיינען געוועזען קלעגליך בעלוינט. אויסערדעם הָאבען
געקריגען געצאָהלט נאָר אָנגעשטעלטע; אויסווערטיגע שרייבער
הָאבען מיטגעאַרבייט אומזיסט. פיר יאהרען הָאט ראָזענפעלד
געגעבען זיינע געדיכטע צו צייטונגען אָהן אירגענד וועלכע בע־
לוינונג; און ווען עס הָאט זיך אונטערגערוקט דיא צייט, ווען מען
הָאט שוין אויסווערטיגע שרייבער אָנגעהויבען וויא עס איז צו
צאָהלען, הָאט ער ווען־ניט־ווען בעקומען א דאָלאַר פיר א געדיכט.
וויא אָרים דער שרייבער־פאַך איז דאַן געוועזן הָאט דער דיכטער
־אָך געשטרעבט צו ווערען א בעל־מלאכה פון דער פעדער. דָאס
איז איהם אין יענער צייט ניט געלונגען. אין וועג איז איהם
געשטאַנען דער קליינער געברויך פון צייטונגען פיר פּאָעזיע, און
צו שרייבען פּראָזא הָאט ער זיך געהאַלטען אונפעהיג. אין דעם
קאַמפף צו זוכען פּרנסה פון זיין געבאָרענעם טאַלאַנט הָאט ער
צייטענווייז אונטערבראָכען זיין ארבייט אין דיא שניידער־שאָפּס
און הָאט געוואַנדערט איבער שטעדט וויא א טרובאַדור, פּאָרצו־
לעזען און פּאָרצוזינגען זיינע געדיכטע; ער הָאט זיך אויך אָנ־
געטהאָן כחות און הָאט פערזוכט ארויסצוגעבען זאַמלונגען פון
זיינע געדיכטע. דיזעביידע בעמיהונגען זיינען געבליבען אָהן
ערפאָלג. פון דיא זאַמלונגען, וועלכע ער הָאט ארויסגעגעבען זיינען
געוועזן: „דיא גלאָקקע“ (1888) און דיא „בלומענקעטטע“ (1890).

ערביטערט איבער זיין שיקזאל האט ראזענפעלד אין 1894 ארויסגעגעבען א וואכענבלעטעל מיט דעם טיטעל „דער אשמדאי“, אין וועלכען ער האט אונבארמהערציג אנגעגריפען ניו יארקער אידישע ארויסגעבער און שרייבער. דיא קריטיקען, וועלכע ער האט דארטען געשריעבען האבען ארויסגעוויעזען ניט ווענינ קונסט, אבער אין זיי איז געוועזען צו פיעל גאל מען זאל זיי קענען בעטראכטען אלס אונפארטייאיש און גערעכט. דאס בלעטיל האט ארויסגעוויעזען דיא רייצבארע נאטור פון דעם דיכטער אין איהר פולסטער געשטאלט. דאס בעסטע און דאס ריינסטע אין דעם „אשמדאי“ איז געוועזען זיין געדיכט „לאטוטים“ (דער פליקער), וועלכעס איז געוועזען אן אנטווארט צו געוויסע שרייבער, וואס האבען איהם גענעקט, איהם אויפגעווארפען מיט דיא נעמען „שניידער“, „לאטוטים“. דיזעס געדיכט איז געבליעבען אונשטערבליך אין דיא מוחות פון זיינע געגנער. כאראקטעריסטיש איז געוועזען דאס מאטטא, וואס האט בעגלייטעט דעם טיטעל פון דיזען בלעטעל. דיזעס איז געוועזען דער ביבלישער פערז „הך הכפתור וירעשו הספים“ (עמוס ט׳ א׳) מיט דער ניט־ווערטליכער איבערזעצונג אין אידיש: „האק אין מארדע אז דיא צייהנער זאלען טרעטששען“!

אין 1897 האט ראזענפעלד ארויסגעגעבען א בעדייטענדע זאמלונג פון זיינע געדיכטע מיט דעם טיטעל „דאס ליעדער־בוך“. דיא אונטערנעהמונג האט ניט געהאט קיין מאטעריעלען ערפאלג — דעם ערפאלג, וועלכען ער האט דאן געזוכט — און דער דיכטער איז געוועזען אין א פערצווייפעלטער לאגע. ער האט זיך געזעהען פערווארטהיילט צו א קוואלפאלען לעבען ביי דער שניידעריי, און ער וואלט ביי דיזען אונגליקליכען פאך פערבליעבען ביז היינטיגען טאג, ווען א גליקליכער צופאל וואלט איהם דערפון ניט בעפרייט.

קורץ נאך דער ערשיינונג פון דעם „ליעדער־בוך“ האט ראזענפעלד אויף זיך געצויגען דיא אויפמערקזאמקייט פון לעא וויענער, פראפעסאר פון סלאווישע שפראכען פון הארווארד אוניווערזיטעט אין קעמברידזש, מאסס. דיזער פראפעסאר איז היגעריסען געווארען פון דעם דיכטער׳ס טאלאנט און ער האט בע־

שלאָפען בעקאַנט צו מאַכען זיין דיכטונג אויסערהאַלב דעם אידיש־שפּרעכענדען קרייז. דיזען בעשלוס האָט ער אויסגעפיהרט דעם פאָלגענדען יאהר, ווען ער האָט ארויסגעגעבען א זאַמלונג פון ראָזענפעלד'ס געדיכטע מיט ענגלישע איבערזעצונג בעטיטעלט "SONGS FROM THE GHETTO" (באָסטאָן, 1898). *) דיזע זאַמלונג האָט געמאַכט א רושם אין דיא ענגליש־שפּרעכענדע ליטעראַרישע קרייזען און האָט ארויסגערופען פון דער פּרעסע פון לאַנד בעוואונדערונג פיר ראָזענפעלד'ס מוזע. זייט דאַן איז דיא מאַטעריעלע לאַגע פון דעם דיכטער געוואָרען בעדייטענד בעסער. עס האָבען זיך געפונען וואָהלטהעטיגע פריינדע פון ליטעראַטור, וועלכע האָבען איהם געשטעלט אויף דיא פיס. דורך דיא אַנערקענונג, וועלכע ער האָט געקריגען פון ניט־אידישע קרייזען איז זיין נאָמען אויך געשטיגען אונטער אידען. ער האָט זיך געזעגענט מיט דעם „סוועט שאָפּ" און פיר זיין ווייטערע בעשעפטיגונג האָט ער זיך געוועהלט ציטונג־שרייבעריי, צו וואָס עס איז איהם דורך זיין געשטיגענע רעפּוטאַציאָן געוועזען לייכטער צוצוקומען. ער האָט ענטדעקט, אז ער בעזיצט אויך דיא פעהיגקייט צו שרייבען פּראָזא און ער איז אריין אין דיא אידישע זשורנאַליסטען גילדע.

דיא "SONGS FROM THE GHETTO" האָבען ראָזענפעלד'ן בעקאַנט געמאַכט ניט נאָר אין אמעריקא, נאָר אויך אין אייראָפּא. זיי האָבען איהם געמאַכט אַן אינטערנאַציאָנאַלע רעפּוטאַציאָן. ליטעראַרישע קרייזען אין דייטשלאַנד, פראַנקרייך, עסטרייך און אַנדערע לענדער האָבען אָנגעפאַנגען צו אינטערעסירען זיך מיט זיינע געדיכטע, וועלכע זיינען פיר זיי געוואָרען צוגענגליך דורך וויענער'ס איבערזעצונג.

זייט די ערשיינונג פון די "SONGS FROM THE GHETTO"

---

*) אין דיעזער זאַממלונג קומט דער אידישער טעקסט אין דייטשע בוכשטאַבען פיר דיא נוטצען פון דיא, וואָס קענען דייטש. דיא איבערזעצונגען אין פּראָזא, אבער זיי זיינען שעהן און קרעפטיג

זיינען ראָזענפעלד'ס געדיכטע בעשפּראָכען געוואָרען אין פערשיעדענע אייראָפּעאישע לענדער און איבערזעצט געוואָרען אין מעהרערע אייראָפּעאישע שפּראַכען. אין 1899 איז איבער דעם דיכטער ערשינען א לאַנגער ארטיקעל אין "LE TEMPS" פון פאַריז מיט אַן איבערזעצונג פון זיין געדיכט „סוועט שאָפּ". שפּעטער, (אין אויגוסט דעם 1טען, 1902) איז ערשיענען אַ ארטיקעל איבער איהם מיט איבערזעצונגען פון מעהרערע פון זיינע געדיכטע אין דער פראַנצויזישער מאָנאַטשריפט "REVUE DE PARIS" בעזאָנ־דערס גרויס איז דיא אויפמערקזאַמקייט, וועלכע דיא ליטעראַרישע וועלט האָט איהם געשענקט אין דייטשלאַנד און עסטרייך. אין בערלין האָט בערטהאָלד פייוועל ארויסגעגעבען א בעדייטענדע זאַמ־לונג פון זיינע געדיכטע אין דייטשער איבערזעצונג מיט דעם טיטעל „ליעדער דעם געטטאָ". דיעזער איבערזעצער איז געווען אַזוי ענטהוזיאַסטיש פיר ראָזענפעלדס טאַלאַנט, דאָס ער האָט זיך גע־זעצט אין פערבינדונג מיט דעם בעריהמטען צייכנער, ע. מ. ליליען, און האָט דאָס ווערק געלאָזען ערשיינען אין פּראַכטאויסגאַבע מיט פאַנטאַסטישע איללוסטראַציאָנען. דאָס בוך איז בעגלייטעט מיט אַ'ן ענטהוזיאַסטישען פאָרוואָרט פון דעם איבערזעצער. אין דיעזען פאָרוואָרט זאָגט הערר פייוועל, דאָס „מיט דעם פאָרליעגענ־דען בוך צום ערסטען מאָלע דער פערזוך געמאַכט ווירד איין נאָנצעס דיכטערווערק אויס דער יידישען שפּראַכע אינס דייטשע צו איבערטראַגען". אין בעהמען האָט יאַראָסלאַוו וועכליצקי (Jaroslav Vechlicky) פּראָפעסאָר פון מאָדערנע שפּראַכע אין דער טשעכישער אוניווערזיטעט פון פּראַג, דיעזעס יאָהר (1903) ארויסגע־געבען א זאַמלונג פון זיינע געדיכטע אין טשעכיש. אין וויען איז היינטיגען יאָהר ערשיענען אַן אויסוואַהל פון ראָזענפעלד'ס געדיכ־טע אין פּוילישער איבערזעטצונג פון איזראַעל וואַלדמאַנן. ארויסגע־געבען פון דעם אַקאַדעמישען פעראיין „בר כבבא" איז וויען. אין רוסלאַנד זיינען ניט לאַנג צוריק ערשיענען מעהרערע פון זיינע גע־דיכטע אין רוסישע איבערזעטצונג אין אַ זאַמעל־ווערק, וואָס איז ארויסגעגעבען געוואָרען פון מאַקסים גאָרקי. זיין נאָמען איז אַזוי ווייט בעוואוסט געוואָרען אין אייראָפּאַ, אַז דער קייזערליכער שוי־

שפּיעלער באַראָן אַדאָלף פאָן זאָננענטהאַל האָט דעקלאַמירט זיינע ליעדער צו אַ קאָנצערט אין וויען.

אין דער הינזיכט פון נייגונג אָדער טענדענץ איז ראָזענפעלד פיעללייכט דער מערקווירדיגסטער פון אַלע אידישע פּאָעטען אין אונזער מוטער־שפּראַך. דיא אַנדערע פּאָעטען אין אידיש בויגען גע־וועהנליך זייער מוזע אין איין געוויסער ריכטונג. עדעלשטאַדט, צום ביישפּיעל, איז געווען אינטערנאַציאָנאַל און רעוואָלוציאָנער; פרוג איז נאַציאָנאַל און קאָנסערוואַטיוו. ראָזענפעלד'ס מוזע האָט ניט קיין בעשטימטע איינצעלנע טענדענץ: זיא איז אי רעוואָלוצי־אָנער אי קאָנסערוואַטיוו, אי רעליגיעז אי אפּיקורסיש, אי אינטער־נאַציאָנאַל, אי נאַציאָנאַל — אַלעס צוזאַמען. מען דאַרף נאָר דורכ־לעזען זיינע געדיכטע „אַ נבואה צו דיא טיראַנען“, „פערצווייפעלטע קולות“, „אַליין מיט גאָט“, „גאָט איז מיין שפּייזער“, „אַ גלות מאַרש“, „אַ גרוס צו ציון“ אום זיך דערפון צו איבערצייגען. אויב אַ דיכטער איז דער אויסדרוק פון דעם קרייז, אין וועלכען ער האָט געקראָגען זיין ערציהונג, איז ראָזענפעלד'ס מוזע דער ריכטיגער אויסדרוק פון דעם יעצטיגען אידישען גייסט; דען אין איהם ליעגט גראַדע דער ווידערשפּרוך, וועלכער געפינט זיך יעצט אין אונ־זער פאָלק. דאָך, שטימען נאָך זיינע שעפּפונגען, אין וועלכע עס איז אריינגעגעבען זיין גרעסטע קראַפט, זיין גרעסטע ענטהוזי־אַזמוס, איז ראָזענפעלד אַ'ן אַרבייטער און אינטערנאַציאָנאַלער דיכטער.

פון אַלע פּאָעטען אין אונזער מוטער־שפּראַך צייכענט זיך ראָ־זענפעלד אויס מיט זיין מייסטערהאַפטער שפּראַך, וועלכע האָט, לויט מיין מיינונג, קיין גלייכען צו זיך אין דער אידיש־דייטשער דיכטערישער ליטעראַטור. זיין דורכשניטליכע שפּראַך איז דווקאָ ניט ריין אידיש, וויא זיא ווערט געשפּראָכען און געשריעבען אין דער אַלטער היים; זיא איז דיא סאָרט אידיש, וועלכע האָט זיך ענט־וויקעלט אין דער אַמעריקאַנישער אידישער פּרעססע: אביסעל געענגלישט און גערייטשט; אָבער זיא קומט ביי איהם ארויס מיט חן. ער איז אויך מייסטער פון דיא אַלט־היימישע אידיש; דיזע

בענוצט ער איבערהויפט אין הומאָר .זיינע געלונגענע ריטהמען (גראַמען) האָבען פּאָזיטיוו צו זיך קיין גלייכען אין דער גאַנצער אי־דיש־דייטשער ליטעראַטור. —

איך בין פערטיג מיט מיין הקדמה, שליסענדיג דיזען אויפזאַץ דריק איך אויס דעם פּערפאַסער פון דעם פאָרליגענדען ווערק מיין איניגסטען דאַנק פיר דיא פרייהייט, וועלכע ער האָט מיר געגעבען, איבער איהם אויסצושפּרעכען מיין אָפענהערציגען אורטהייל.

אלכסנדר הארקאווי.

ניו יאָרק, דעצ. 31, 1903.



# פון דיכטער צום פאלק

עס איז א גרויסער מאָמענט אין וועלכען א פערפאסער שרייבט דאָס פאָרוואָרט צו זיינס א ווערק. דאָס איז אייגענטליך דער אוי־גענבליק אין וועלכען דער אוטהאָר פיהרט צו דער חופה זיין גייס־טיגעס קינד און גיט עס מיט זיין הייסע, פאטערליכע ברכה. איך וויים ניט וויא א שרייבער פון דיא אומות העולם פיהלט אין אזעלכע מי־נוטען, איך וויים אָבער אז א  א י ד י ש ע ר  מחבר, א אידישער דיכטער איבערהויפט, איז אין אזא מאָמענט זעהר ערנסט. דיא פּאָ־עטישע מוזע מיט'ן אידיש־דייטשען לעזער, דאָס איז אפילו א יחוס שידוך און דאָך א גוואַלט־שידוך, רבותי. דיא פאנטאזיע — דער בדחן פלוידערט פאר פייער און פאר וואסער, דיא האָפנונגען — דיא אונטערפיהרער טאַנצען און הצפּקען און שפּרינגען פון דער הויט ; דיא געפיהלען — דיא כלי זמרים אָבער שפּיעלען ניט קיין פריילינכס כאָטש צוריים זיך און אין אלגעמיין זעהט דאָס עפּעס אוים וויא מען וואָלט פערשלייערט א יתומה.....

אלץ וואָס איך קען יעטצט ווינשען און פערלאַנגען איז, אז מיינע אידישע ברידער פון נאָהענט און וויים זאָלען עמפפאנגען די פרוכט פון מיין נשמה, וואָס בליהט צווישען דיעזע טאָוולען, מיט דיא זעלבע ליעבע, מיט דעם זעלבען ערנסט און מיט דיא זעלבע געפיהלען וויא דאָס איז געפלאַנצט געוואָרען. דיא ענגלענדער, דיא דייטשען, דיא פראנצויזען, דיא טשעכען, דיא פּאָליאַקען און פיעלע אנדערע האָבען שוין גענאָסען דיעזע גייסטיגע פירות און עס איז

זיי געפעלען, איך בין דערמיט צופריעדען, דאָך מיין ה ע כ ס ט ע פרייד, מיין גרעסטער געגוס וועט זיין, ווען מיינע שעפּפונגען וועלען געפיענען חן ביי דיא, פיר וועמען זיי זיינען געשאַפען געוואָרען — ביי מיין פאָלק.

אָבוואָהל אין דיעזער זאַמלונג געפינען זיך ניט אַלע מיינע ליעדער, וואָס וואָלטען דאָ געמעגט אויפגענומען ווערען, דאָך איז דאָ פאַראַן דיא מיה פון פיעלע יאהרען און דאָס טיעפע אויפשלוכצען דורך פיעלע וואַכזאַמע נעכט און אונרוהיגע טעג. ווען מיין בליק וואַנדערט דורך דיעזע געדיכטע, דורך דיעזע שטיקער הארץ און נשמה, וואָס האָבען זיך דורכגעריסען דורך מיין פעדער אין פערשידענע צייטען אונטער פערשיעדענע אומשטענדען, ערשיינען מיר מאַנכע פערזען וויא ווייטע, ווייטע קרובים, כמעט פרעמדע. דאָ געפיענען זיך געדאַנקען און געפיהלען וואָס זיינען ביי מיר געקומען צום אויסדרוק מיט לאַנגע יאָהרען צוריק און זיי שטעהען זייט ביי זייט מיט געדיכטע וואָס איך האָב ערלעבט אין דיא לעצטע פּאָר יאהר, זיי זיינען אבער א ל ע מיינע קינדער, איך ליעב זיי א ל ע גלייך, ווייל זיי זיינען טהיילען פון מיין אייגענעם לעבען אונטער אלערהאַנדיגע איינדריקע, פון מיין אונגעראַטהענעם שיקזאַל. איך וויל ניט פערלייקענען קיין איינציגען פון מיינע טרעהרען און מיין יעדער זיפץ איז אין דיעזען בוך פערצייכענט. איך בעהאַלט זאָגאר ניט מיינע תרעומת אויף דער השגחה אין דיא צייטען פון מיין זעהר, זעהר טרויעריגען עקסיסטענץ. און איך פערענטפער ניט זאָגאר מיינע ביטערסטע געלעכטערס. איך צייג מיין פאָלק מיין ג אַ נ־צ ע הארץ, איך עפען איהם אויף מיין גאַנצע זעעלע כדי עס זאָל מיך קענען פון אַלע זייטען און אורטהיילען איבער מיין גאַנצען „א י ך“.

איידער איך שליס מיין פאָרוואָרט דארף איך ניט פערגעסען אויסצושפּרעכען מיין הערצליכען דאַנק און מיין האָכאַכטונג צו מיין האָכפערעהרטען און טהייערען פריינד, דעם בעריהמטען געלעהרטען און פילאָלאָג, פּראָפעסאָר לעאָ וויענער, פון הארוואָרד אוניווערזיטעט, וועלכער האָט מיך דער ערשטער ארויסגעפיהרט פון

דעם ענגעז נהעטטא קרייז איז דער גרויסער וועלט. איך האב פאר־
לויפיג אויסער א מאראלישע גענוגטהואונג פון מיינע ווערקע כמעט
גאר ניט נעהאט, אבער איך בין צופריעדען, און פיר דיעזע צופריע־
דענהייט מוז איך דאנקען פריהער דעם בעשעפער, וועלכער האט
מיר אנפערטרויט זיין הימלישע טאכטער פון געזאנג אלס מיין
גייסטיגע לעבענס־בעגלייטערין און נאכהער מיין טהייערען פריינד,
וועלכער האט געגעבען מיין גייסט א גרעסערעס פעלד אויסצור־
שפרייטען זיינע פליעגעל. איך מוז אויך אין דיעזען פארוואָרט
אויסדריקען מיין איניגסטע אנערקענונג און דאנקבארקייט צו מיין
ווערטהען דייטשען איבערזעטצער דעם בעגייסטערטען דיכטער
בערטהאלד פייוועל און צו מיין האכגעעהרטען מאלער, א. מ. ליליען
דעם ערשטען פיר זיינע מייסטערהאפטע איבערזעטצונגען פון דיעזע
ליעדער אין דייטש און דעם צווייטען פיר זיינע זינרייכע און גייסט־
רייכע צייכנונגען צו דער דייטשער אויסגאבע. איך טאר אויך ניט
פערגעסען צו בעדאנקען דיא ארויסגעבער פון מיינע געזא־
מעלטע ליעדער, פיר זייער אנערקענונג פון אידישען טאלאנט און פיר
זייער ריזיקאלישע אונטערנעהמונג ארויסצוגבען צום ערשטען מאל
אין אמעריקא, א גרויסע פאעטישע זאמלונג אין אידיש־דייטש. עס
איז אויך מיין פפליכט און שולדיגקייט אין דיעזער הקדמה צו דער־
מאהנען צום גוטען דעם ווירדיגען געלעהרטען, דר. עדוואַרד ר. א.
זעליגמאן, פראפ. אויף סאציאלע עקאנאמי און פינאנס אין קאלאמ־
ביא אוניווערזיטעט. דיזער בעריהמטער קענער און מעסינאט איז
פיעל מאל געשטאנען ביי מיין רעכטע האנד ווען דער אונבארמהער צי־
נער שיקזאל האט מיך געזוכט צו שטירצען צו דר'ערד. מיט זיין
זעלטענעם געפיהל פון מענשליכקייט און גערעכטיגקייט האט ער
זיך געווענדעט צו מיר און איז געבליעבען מיינער א פריינד.

איך האב שוין זאגאר געדארפט שליסען מיין פארוואָרט אין
דער זעלבער פראזאאישער פארם אין וועלכער איך האב עס אנגע־
פאנגען, אבער וויא זאגט אן אלטעס שפריכוואָרט : „א וואלף'ס
נאטור ציהט צום וואלד" און איך פיהל אז איך פאנג אן צו פער־
בלאנדזשען אין ריימען. נייז, איך קען מיך ניט בעהערשען און

זיך ניט לויזרייסען פון דער אלטער, יאהרענלאנגער געוואוינהייט
און איך ענדיג מיט א ליעד:

איך בין דא וויא דיא שוואלב גאנץ פריה געקומען
א בשורה פון א נייעם מאי צו ברינגען:
איך האב געוועקט דיא אונגעבאר'נע בלומען,
א טויטע וועלט אוועק געשיינקט מיין זינגען.

איך האב מיין פולע זעעלע אויסגעגאסען
אויף יענעם פעלד, וואס האט געדארפט נאך בליהען,
איך האב אליין מיין יונגען ליעד געגאסען,
עס איז קיין הארץ געוועזן פיר מיר צו גליהען.

מען האט מיר ניט געטרויט מיין העלען טרילער;
מען האט געזוכט מיין חלום צו פערשפאטען:
„וואס דארף ער דא? וואס זוכט ער און וואס וויל ער?
ער איז פערפיהרט, עס זיטצט אין איהם דער שטן.

„וויא קען א טוידטער באדען טראגען פלאנצען?
וויא קומט א ווילדע שפראך צו שעהנע ליעדער?
וויא קען דער פראסטער שטיין וויא דימאנט גלאנצען?
וואס דולט ער אונז מיט זיין פאנטאזיע וויעדער?"

דאך וויינענדיג האב איך געלאכט מיט טרעהרען,
און שטארקער האט מיין ליעד גענומען ברענען......
זיי האבען ענדליך מיך געמוזט דערהערען,
דער שפאטער האט געמוזט מיין קראפט דערקענען.

דער „טויטער באדען" האט געוויעזען לעבען,
דיא „ווילדע שפראך" האט זיס און ליעב געקלונגען,

דער „פּראָסטער שטיין“ האָט הערען גלאַנץ געגעבען,
וואָס האָט דורך אַלע וועלטען דורכגעדרונגען.

עס האָט מיך ניט פערפיהרט דער בייזער שטן,
דיא הערכסטע וואהרהייט האָט דורך מיר געשפּראָכען,
אַ גרויסע קראַפט האָט זינגען מיר געבאָטען, —
מיין ליעד האָט זיך וויא לאַווא דורכגעבראָכען.

עס זיינען שטום געבליעבען מיינע שפּאָטער,
און מאַנכער האָט געבעטען אום פערגעבונג.
איך האָב פערגעבען, ביסט מיין עדות, פאָטער!
דען מענשענליעבע איז מיין הערכסטע שטרעבונג.

אַ דאַנק דיר, גאָטט, איך האָב דעם קאַמפּף געוואונען!
איך הער פאַר מיר מיליאָנען הערצער שלאָגען, —
איך האָב מיט שמערץ געזוכט, מיט פרייד געפונען
דאָס ריינע ליכט, וואָס וועט מיין נאַכט בעטאָגען.

מאָררים ראָזענפעלד.

יאָנקערס, נ. י., יאַנואַר, 1904.



# אינהאלט פערצייכנים:

## ארבייטער און פרייהייטס-ליעדער:

## נאציאָנאלע און פאָלקס־ליעדער:

## לירישע ליעדער:

---

## סאטירישע ליעדער:

---

## פערשיעדענע ליעדער :

# דיא איינשווערונג

---

פאר'ן דיכטער א פראָגראַם,
וואָס צו זינגען און צו זאָגען
דאָ אין אונזער גרויסען ים
פון יסורים און פון קלאָגען.

אָ, זעהסטו דיא שעפער? בעטראכטסט דיא פאבריקען?
דאָס שאפען דיא מענשען דעם מענש זיינע גליקען:
זיי שניצען און בויען, און שפינען, און וועבען,
און שניידען און שמידען און שאפען דאָס לעבען.
דאָך פרעג זיי דיא בלייכע, וואָס צאפלען און שוויצען,
וויא גרויס זייער לוין איז און וואָס זיי בעזיצען?
אָ, פרעג וויא זעהט אוים זייער היים וואו זיי קומען
ביי נאכט, ווען דיא פינסטערע רעדער פערשטומען!
אָ, פרעג וואָס זיי טהוען אין צייטען פון דארבען: —
אין צייטען פון סלעק, יא, דיא צייטען פון שטארבען!
אָ, פרעג ווער האָט שולד אין דעם עלענד דעם שווערען
און פעהלט זיי בעוואוסטזיין, — זאָלסטו זיי ערקלערען!
ערקלעהר זיי דיא סיבה פון שרעקליכען איבעל
און מעג דיא פערדארבענהייט האָבען פאראיבעל.

דיין פען זאָל אַ פידעל צוגלייך און אַ שווערד זיין:
זאָלסט שפּיעלען און שטראָפען, דיין קראַפט זאָלסטו איבען,
און האָסט דיך דיא חיה, דער מענש וועט דיך ליעבען,
דאָס רעכט וועט דיך ליעבען, און גרויס וועט דיין ווערט זיין.
נו, שוועער, וועסטו זיין מיט דעם אַר'מען און שלאָפען?
„אַ, הער:
איך שוועער!“

**טא נעהם צו דיא ברכה פון טויזענדע שקלאפען!**

דו הערסט וויא מען פרעדיגט אונז דומהייט און ליגען?
דו זעהסט וויא מען זוכט אונזער הארץ צו פערוויעגען,
דעם שכל צו קרימען, — מען וויל אונזער לעבען!
דיא נאַכט נעהמט אונז צו וואָס דער טאָג האָט געגעבען....
דו זעהסט זיי, דיא פינסטערע? זעהסט דיא בעצאהלטע?
איין טייוועל: דיא בערדיגע וויא דיא געגאָלטע!.....
דוא זעהסט וויא זיי זוכען דעם גייסט צו ענטהראָנען,
איהם שלעפען צוריק אין דיא שווארצע רעגיאָנען,
פון וואנען ער איז מיט אַ וועטהאָג ענטרונען?
דו זעהסט ווי זיי סם'ן דעם וויסענשאַפטס ברונען?
אום אונזערע מוחות דורך דורשט צו פערשמאכטען,
אום אונז צו בעטריגען אום אונז צו אומנאַכטען...
אַרויס מיט דיין כח, אַרויס מיט געוואַלטען!
פערטומעל דיא טומלער, ניט לאָז זיי דאָ וואַלטען,
ניט לאָז אונזער וויסען, דורך אַפּפער ערוואַרבען,
זאָל פאלען דעם בלוטיגען אונזין אלס קרבן.

נו, שווער: וועסטו דעמאַגאָגען פערהאַסען?

אָ, העך:

איך שווער!"

טאָ נעהם צו אַ צעהנפאַכען גרוס פון דיא מאַסען.

אָ, זעהסט דורכ'ן רויך דיא צוקאָכטע אַרמייען?

דו הערסט? — דער גיהנום וואַכט אויף מיט געשרייען!

עס קלינגען דיא שווערדען, עס הילכען גראַנאַטען:

דיא טהייערע יוגענד פערשווינדעט אין שאָטען.

אָ, בלוטיגע טייכען פערגיסען דיא בלומען!

דער אַקער פערפלייצט און דיא פעלדער פעשוואָומען.

מען זעהט ניט קיין ערד און מען זעהט ניט קיין הימעל, —

אָ, שרעקליכע קולות, אָ, ווילדער געטימעל!

אַ פחד פאַלט אָן אויף דיא בערג און זיי שטוינען:

דאָס איז אַ מלחמה, עס שפּיעלען זיך קרוינען.

דיא בעסטיע אין מענש האָט זיך פּלוצלונג צובייזערט,

דער מענש אין דער בעסטיע, זיך פּלוצלונג צוקייזערט.

נישטאָ קיין געפיהלען, נישטאָ קיין רחמנות.

עס זיפצען יתומים, עס קלאָגען אלמנות.

עס וויינען דיא וואָלקען ארונטער פון אויבען,

עס יאָמערט דיא ליעבע, עס ציטערט דער גלויבען...

נו, שווער: וועט דיין פעדער פערדאַמען מלחמות?

אָ, העך:

איך שווער!"

טאָ נעהם צו דעם ליב פון מיליאָנען נשמות.

אָ, זעהסטו דאָס שעפּעלע? קוים וואָס עס זיפּעט.
צושלאָגען, צוהרג'עט, צוקרעלט און צו שונדען,
עס פּלייצען דיא בלוטען פון טויזענדע וואונדען.
אָט קוים וואָס דאָס אָטהעמט נאָך, קוים וואָס דאָס כליפּעט:
„דערהרגעט מיך בעסער און נעהמט צו אין גאַנצען
מיין אָרעמעס לעבען", דאָך זעהסט וויא זיי טאַנצען,
דיא בלוטיגע חיות? דו הערסט וואָס זיי זאָגען?
„עס הייסט אונז ניט גאָטט דיך אין גאַנצען דערשלאָגען,
נאָר שטראָפען דיין זינד, דו פערדאָרבענע, שלעכטע,
און מיר פיהרען אוים זיינע רייד דיא גערעכטע".
דערקענסטו דאָס שעפּ'לע? — דיא אָרעמע אומה!
און קענסטו דיא חיות? — דיא פעלקער דיא פרומע!
נו, שנעל גאַרטעל אונטער דיא לענדען מיט כח
און שטרעק אוים דער וויסענשאַפטס פלאַמענדען זעבעל!
ארוים אויף'ן מארק צו דעם פינסטערן פעבעל
און וויז זיי מיט ראיות און וויז זיי מיט מח,
אז פרייהייט אין גלויבען און גלויבען אין פרייהייט
וועט פיהרען דיא מענשהייט צו אייביגע טרייהייט.
נו, זאָג: ועסטו זיין געגען אידען העצערייען?
אָ, הער:
איך שווער!"
טאָ לעב — און דיין נאָמען זאָל אייביג געדייען!

# דער טרעהרען-מיליאנער

אַ נים קיין גאָלדנער קאָמערטאָן
שטימט אַן מיין קעהל צום זינגען,
עס קען דער וואונק פון אויבען אָן
מיין שטים ניט מאכען קלינגען;
דעם שקלאוו'ס א קרעכץ, ווען ער איז מיעד
נאָר וועקט אין מיר דיא ליעדער, —
און מיט א פלאם לעבט אויף מיין ליעד,
פיר מיינע אר'מע ברידער.

* * *

דערפאר פערגעה איך אָהן א צייט.
דערפאַר וועבט אוים מיין לעבען:
וואָס קענען מיר דיא אָר'מע לייט
פיר א בעלוינונג געבען ?
זיי צאָהלען טרעהרען פיר א טרעהר, —
דאָס אללעס, וואָס זיי קאָנען :—
איך בין א טרעהרען-מיליאָנער
און וויין אויף דיא מיליאָנען....

# דיא סוועט שאפּ

---

עס רוישען אין שאפּ אזוי ווילד דיא מאשינען,
אז אָפטמאָהל פערגעס איך אין רויש דאָס איך בין;—
איך ווער אין דעם שרעקליכען טומעל פערלאָרען,
מיין איך ווערט דאָרט בטל, איך ווער אַ מאשין:
איך ארבייט און ארבייט, און ארבייט אָהן חשבון,
עס שאפט זיך, און שאפט זיך, און שאפט זיך אָהן צאָהל:
פיר וואָס? און פיר ועמען? איך וויים ניט, איך פרעג ניט,—
וויא קומט אַ מאַשינע צו דיינקען אַ מאָהל?

גישטאָ קיין געפיהל, קיין געדאנק, קיין פערשטאנד גאָר; —
דיא ביטערע, בלוטיגע ארבייט דערשלאָגט
דאָס עדעלסטע, שעהנסטע און בעסטע, דאָס רייכסטע,
דאָס טיעפסטע, דאָס העכסטע וואָס לעבען פערמאָגט.
עס שווינדען סעקונדען, מינוטען און שטונדען,
גאָר זעגעל־שנעל פליהען דיא נעכט מיט דיא טעג; —
איך טרייב דיא מאשין גלייך איך וויל זיי דעריאָגען, —
איך יאָג אָהן אַ שכל, איך יאָג אָהן אַ ברעג.

דער זייגער אין וואָרקשאַפּ, ער רוהט ניט אפילו,
ער ווייזט אַלץ און קלאַפּט אַלץ און וועקט נאָכאַנאַנד; —
געזאָגט האָט אַ מענש מיר אַמאָהל דיא בעדייטונג:
זיין ווייזען און וועקען, דאָרט ליעגט אַ פערשטאַנד;
נאָר עטוואָס געדיינקט זיך מיר, פּונקט וויא פון חלום; —
דער זייגער, ער וועקט אין מיר לעבען און זינן,
און נאָך עפּעס, — איך האָב פערגעסען, — ניט פרעגט עס!
איך ווייס ניט, איך ווייס ניט, איך בּין אַ מאַשין!......

און צייטענווייז ווען איך דערהער שוין דעם זייגער,
פערשטעה איך גאַנץ אַנדערש זיין ווייזען, זיין שפּראַך; —
מיר דאַכט, אַז עס נוקעט מיך דאָרטען דער אונ־רוהע,
כ'זאָל אַרבּייטען, אַרבּייטען, מעהרער, אַ סך!
איך הער אין זיין טאָן נאָר דעם בּאָס'ס ווילדען בּייזער,
זיין פינסטערען קוק אין דיא ווייזער דיא צוויי; —
דער זייגער, מיר סקרוכעט, מיר דאַכט, אַז ער טרייבּט מיך
און רופט מיך „מאַשינע!“ און שרייט צו מיר: „ניי!“

נאָר דאַן, ווען ס'איז שטילער דער ווילדער געטומעל,
אוועק איז דער מייסטער, אין מיטאָג־צייט שטונד,
דאַן פאַנגט אָן אין קאָפּ ביי מיר לאַנגזאַם צו טאָגען,
אין הארצען צו ציהען, — איך פיהל דאַן מיין וואונד; —
און ביטערע טרעהרען, און זודיגע טרעהרען

צו ווייקען מיין מאגערען מיטאָג, מיין ברויט, —
עס ווערגט מיך, איך קען ניט מעהר עסען, איך קען ניט!
אָ, שרעקליכע פראַצע! אָ, ביטערע נויט!

ס'ערשיינט מיר דיא שאַפּ אין דער מיטאָג־צייט שטונדע
אַ בלוטיגע שלאַכטפעלד, ווען דאָרט ווערט גערוהט:
ארום און ארום זעה איך ליעגען הרוגים,
עס ליארמט פון דר'ערד דאָס פערגאָסענע בלוט....
איין ווײלע, און באַלד ווערט געפויקט אַ טריוואָגע,
דיא טויטע ערוואכען, עס לעבט אויף דיא שלאַכט,
עס קעמפפען דיא טרופּעס פיר פרעמדע, פיר פרעמדע,
און שטרייטען און פאלען, און זינקען אין נאכט.

איך קוק אויף דעם קאמפּף־פּלאץ מיט ביטערען צאָרען,
מיט שרעק, מיט נקמה, מיט העלישער פּיין ;—
דער זייגער, יעטצט העָר איך איהם ריכטיג, ער וועקט עס:
„א סוף צו דיא קנעכטשאפט, א סוף זאָל דאָס זיין!“
ער מינטערט אין מיר מיין פערשטאנד, דיא געפיהלען,
און ווייזט וויא עס לויפען דיא שטונדען אהין:
אָן עלענדער בלייב איך, וויא לאנג איך וועל שווייגען,
פערלאָרען, וויא לאנג איך פערבלייב וואָס איך בין.....

דער מענש, וועלכער שלאפט אין מיר הייבט אָן ערוואכען,
דער קנעכט, וועלכער וואכט אין מיר שלאָפט דאכט זיך
איין ;—
אצינד איז דיא ריכטיגע שטונדע געקומען!
אַ סוף צו דעם עלענד, אַ סוף זאָל עס זיין!...
נאָר פלוצלינג — דער וויסטעל, דער באָס — אַ טרעוואָגע!
איך ווער אָן דעם שכל. פערגעס, וואו איך בין, —
עס טומעלט, מען קעמפפט, אָ, מיין איך איז פערלאָרען, —
איך וויים ניט, מיך אַרט ניט, איך בין אַ מאשין...



# דער בלייכער אפריימער

א יך זעה דאָרט א בלייכען אפריימער
פערקאָכט אין דער אַרבייט, א שרעק!
און זייט איך געדיינק איהם אלץ נייט ער
און לייגט זיינע קרעפטען אוועק.

עס ווערן חדשים פערפלויגען,
עס לויפען דיא יאָהרען אהין,
און נאָך זיטצט דער בלייכער געבויגען,
און קעמפפט מיט׳ן רויהען מאשין.

איך שטעה און בעטראכט דאָרט זיין צורה,
זיין צורה, פערשמירט און פעשוויצט,
און פיהל, אז דאָ ארבייט קיין גבורה,
דער אימפעט נאָר פראצעוועט איצט.

דאָך פאלען דיא טראָפּענס כסדר,
פון אויפגאַנג ביז אונטערגאַנג שפעט,

און זאפּען זיך איין אין דיא קליידער,
און טרינקען זיך איין אין דיא נעט.

איך בעט אייך. וויא לאַנג וועט נאָך יאָגען
דער בלייבער דעם בלוטיגען ראָד ?
אָ, ווער קען זיין ענדע מיר זאָגען ?
ווער ווייס יענעם שרעקליכען סוד ?

אָ, שווער, זעהר שווער דאָס צו זאָגען,
דאָך איינס איז בעוואוסט און בעשיידט :
ווען איהם וועט דיא ארבייט דערשלאָגען,
זיטצט תכף אַ צווייטער און נייט.



# א טרעהר אויפ'ן אייזען

א קאַלט און פינסטער איז דיא שאַפּ!
איך האַלט דעם אייזען, שטעה און קלאַפּ!—
מיין הערץ איז שוואך, איך קרעכץ און הוסט;
עס הויבט זיך קוים מיין קראַנקע ברוסט.

איך קרעכץ און הוסט און פּרעס און קלעהר,
מיין אויג ווערט פייכט, עס פאַלט אַ טרעהר,
דער אייזען גליהט: — דאַס טרעהריל מיין —
דאַס קאַכט און קאַכט און זידט ניט איין.

איך פיהל קיין קראַפט, עס איז פערוועגד'ט;
דער אייזען פאַלט מיר פון דיא הענד,
און דאָך דער טרעהר, דער הייסער טרעהר,
דער טרעהר, דער טרעהר, קאַכט מעהר און מעהר.

עס רוישט מיין קאַפּ, עס ברעכט מיין הערץ;
איך פרעג מיט וועה, איך פרעג מיט שמערץ:

„אָ, זאָג, מיין פריינד אין נויט און פּיין,
אָ, טרעהר, פאַרוואָס זיידסטו ניט איין?

אָ, שטומער טרעהר, אָ, שטומע שפּראַך!
זאָג, האָב איך דיינע נאָך אַ סך?
צי דו בּיסט שוין דער לעצטער היינט,
פון אלע מיינע הייסע פריינד?

בּיסט אפשר גאָר אַ קוריער,
זאָגסט אָן מיר, אַז עס קומען מעהר?
איך וואָלט עס וועלען וויסען, זאָג:
ווען ענדיגט זיך דער גרויסער קלאָג?

איך וואָלט געפרעגט נאָך מעהר און מעהר
בּיי'ם אונ־רוה, בּיי דעם ווילדען טרעהר,
דאָ האָבּען זיך דערלאַנגט אַ גאָס
גאָר טרעהרען, טרעהרען אָהן אַ מאָס
און איך האָב שוין פערשטאנען גלייך,
אַז טיעף איז נאָך דער טרעהרען טייך.



# מיין אינגעלע

---

איך האָב אַ קליינעם אינגעלע,
אַ זוהנעלע גאָר פיין!
ווען איך דערזעה איהם דאַכט זיך מיר,
דיא גאנצע וועלט איז מיין.

נאָר זעלטען, זעלטען זעה איך איהם,
מיין שעהנעם, ווען ער וואַכט,
איך טרעף איהם אימער שלאָפענדיג,
איך זעה איהם נאָר בּיי נאַכט.

דיא ארבייט טרייבּט מיך פריה ארויס
און לאָזט מיך שפּעט צוריק;
אַ, פרעמד איז מיר מיין אייגען לייב!
אַ, פרעמד מיין קינד'ס אַ בּליק!

איך קום צוקלעמטערהייד אַהיים,
אין פינסטערנים געהילט, —

מיין בלייכע פרוי דערציהלט מיר באלד,
וויא פיין דאָס קינד זיך שפּיעלט,

וויא זים עס רעדט, וויא קלוג עס פרעגט:
„אָ, מאַמאַ, גוטע מאַ,
ווען קומט און ברענגט אַ פּענני מיר
מיין גוטער, גוטער פּאַ?“

איך הער עס צו און אייל — עס מוז, —
יאָ, יאָ, עס מוז געשעהן!
דיא פּאַטערליעבע פלאקערט אויף:
עס מוז מיין קינד מיך זעהן!.....

איך שטעה ביי זיין גילעגעריל
און זעה, און הער, און שאַ!
אַ טרוים בעוועגט דיא ליפּעלאך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאַ?“

איך קוש דיא בלויע אייגעלאך,
זיי עפנ'ן זיך — „אָ, קינד!“
זיי זעהען מיך, זיי זעהען מיך,
און שליסען זיך געשווינד.

„דאָ שטעהט דיין פּאַפּאַ, טהייערער,
אַ פּעננילע דיר, נאַ!“

א טרוים בעוועגט דיא ליפּעלאך:
„אָ, וואו איז, וואו איז פּאָ?“

איך בלייב צו־וועהטאָגט און צוקלעהמט,
פערביטערט און איך קלעהר:
„ווען דו ערוואַכסט אַ מאָהל, מיין קינד,
געפינסטו מיך ניט מעהר“......



# פערצווייפלונג

---

א דארף מען ניט רוהען האַטש איין טאָג אין וואָך,
א טאָג מעהר ניט פריי זיין פון שרעקליכען יאָך?
פערגעסען דעם באָס, דעם פערביסענעם מרוק,
זיין פינסטערע מינע, זיין שרעקליכען קוק,
פערגעסען דיא שאַפּ און דעם פאָרמאַנ׳ם געשריי,
„פערגעסען דיא קנעכטשאַפט, פערגעסען דעם וועה,
„פערגעסען זיך ווילסטו און רוהען דערצו?
ניט זאָרג זיך, אַט באלד וועסטו געהן אין דיין רוה!“

באלד האָבען דיא בוימער און בלומען פערבליהט,
באלד ענדיגט דער פויגעל דער לעצטער זיין ליעד,
באלד זעהט מען נאָר קברים ארום און ארום!
אָ, וויא וואָלט איך וועלען אַ שמעק טהאָן אַ בלום.
אַ שלונג טהאָן כאָטש, איידער עס שטאַרבט אָפּ
דאָס גראָז,
אויף פעלדער בעגרינטע דעם ווינטעלעם בלאָז!
„אין פעלד ווילסטו זיין, וואו ס׳איז לופטיג און גרין?
נישט קשה, מען וועט דיך שוין ברענגען אהין!“

דער טייך איז בעזילבערט און גלאנצט אזוי שעהן,
עס טאנצען דיא וועלען מיט זעלטענעם חן, —
אָ, דאָרט זיך צו באָדען וויא גוט מוז עס זיין!
וויא וואָלט איך מיט חשק אין וואסער אריין!
מיין גוף איז פון שרעקליכע ארבייט פערשוואכט, —
וויא וואָלטען דיא בעדער מיך שטארקער געמאכט! —
„אָ, באָדען זיך ווילסטו, זיך וואשען אין טייך?
ניט שרעק זיך, מען וועט דיך ארום וואשען גלייך!"

דיא סוועט שאָפּ איז פינסטער און רויכיג, און קליין,
אָ, וויא זאָל מיין בלוזע דיא ווייסע זיין ריין?
אין שמוציגען שאָפּ איז דיא ריינקייט מיר פרעמד; —
און דאָך וויא בעגעהר איך א קלאָהר ווייסע העמד!
א שירץ וואָס איז זויבער, א בלוזע וואָס לייכט, —
פון שוויים ניט געברודיגט, פון טרעהרען ניט פייכט!
„זיך אָנטהאָן אין ווייסען פערלאָנגסטו אצינד?
מען וועט דיך שוין אָנטהאָן און אָנטהאָן געשווינד!"

אין וואלד איז א חיות, אין וואלד איז עס קיהל, —
דאָרט טרוימט זיך עס ליעבליך, דאָרט טרוימט זיך
עס פיעל!
דיא פייגעלאך זינגען מחיה'דיג פיין,
דיא טענער דיא זיסע, זיי שלעפערען איין; —
אין שאָפּ איז עס אָבער א רויש און עס שטיקט, —

אָ, וויא וואָלט דער וואלד מיך געקיהלט און געקוויקט! —
„זיך אָפּקיהלען ווילסטו? וואָס טויג דיר דער וואלד?
גיט לאנג וועט עס נעהמען, און דוא וועסט זיין קאלט!"

א טהייערען חבר צו האָבען איז גוט, —
אין נויט גיט ער האָפנונג, אין עלענדקייט מוטה!
א טהייערער חבר פערזיסט דיר דיין זיין,
ער גיט דיר א חשק אין לעבען אריין; —
און איך בין פער'יתום'ט און איך בין א שטיין. —
צווישען טויזענדער מענשען, דאָך איינער אַליין.....
„וועסט האָבען חברים באלד גאָר אָהן א שיעור:
זיי ראַיען זיך שוין און זיי וואַרטען אויף דיר!

# אין שאפּ און דער היים

איך זיטץ און איך טרייב דיא מאַשינע,
און פיהל וויא מיין כח געהט אוים; —
איך טראָג ניט אויף קיינעם קיין שנאה,
און פרעמד איז מיר ראכע און קנאה,
דער וועהטאָג אין הערץ נאָר איז גרוים.

מיין בליק פיעלט זיך אָן און געהט איבער:
עס ווערט אויף דער ארבייט א פלעק,
א ווילדער, אַ צעהרענדער פיבער,
ער געהט מיר דיא בלוטען אריבער
און שמעלצט מיר דאָס לעבען אוועק.

עס טריעפען דיא פלאמענדע וואונדען.
איך זיטץ אין דער דומפּפער פאבריק
ביז וואנען עס קומען דיא שטונדען
ווען כלומרשט, איך בין ניט געבאונדען, —
און געה א בעפרייטער צוריק:

א היים קום איך קראנק און געבראָכען,
בעגלייט פון א שטילען געוויין,
מיט מיעדע צו־וועהטאָגטע קנאָכען,
מיט יאוש אנשטאָט מיט בטחון
און פאל דאָרט אוועק וויא א שטיין.

דיא שטוב איז פערוויסט און אנשוויגען.
איך קוק זיך ארום מיט א הוסט: —
מיין אָרעמע פרוי זעה איך ליעגען, —
זיא בלאָנדזשעט פון חלום א נגון,
דאָס פיצעלע טרוימט ביי איהר ברוסט.

איך קוק אויף דיא אָר׳מע מיט טרעהרען
און קלעהר: „ווען איך בלייב איצטער טויט,
ווען איך זאָל מיט איינמאָל ניט ווערען,
אָ, ווער וועט זיי ביידען ערנעהרען?
א בעט זיי פערשאפען און ברויט?

„וואָס טהוען זיי באלד טאקי מאָרגען,
וויא שנעל דער פערדיענער זיי פעהלט?
אָ, ווער וועט זיי לייען, צי באָרגען?
זאָגאר מיט דאָס קלענסטע בעזאָרגען?
וואו בלייבט זיי אַ פריינד אויף דער וועלט?

און קלעהרענדיג ווער איך א מיעדער
אַנשלאָפּען, — און טהו מיך אַ כאַפּ!
אין מזרח זייט טאָגט עס שוין ווידער. —
איך שלעפּ דיא פערמאַטערטע גליעדער
צוריק אין דער דומפּפיגער שאַפּ.



# צו דער געליבטער

---

א, זיי געבענשט, אָ, זיי געגריסט,
מיין גליק, מיין טרייסט, מיין גאָלד'נער שיין!
דו קומסט אצינד און קומסט אומזיסט
אין דומפּפען שאָפּ ביי מיר צו זיין.

דאָ רוישט, עס קאָכט, עס זידט און ברענט,
דאָ איז קיין אָרט פיר דיר צו שטעהן, —
פערדונגען זיינען מיינע הענד;
איך טאָר דיך ניט אומאַרמען — ניין!

אַבוואָהל איך בין אָהן דיר וויא טוידט,
דאָך מוז איך עס פערלאַנגען: געה!
דאָ הערשט דער הארטער קאמפּף פיר ברויט,
דאָ מוז מען צאַפּלען ביים געגעה.

קום שפּעטער ערשט, אָ, קום ביי נאכט
צו מיר אהיים, דאָרט בין איך פריי, —

מיין הארץ לעבט אָפּ, מיין גייסט ערוואַכט,
מיין ליעבע פלאַקערט פון דאָס ניי.

דאַן גיעב איך מיר צו דיר א יאָג
און פאל בעגייסטערט אויף דיין ברוסט,
און מיינע ליידען פון דעם טאָג,
זיי ווערען אלע דיר בעוואוסט.

און מיינע קושען האָסטו דאַן,
און מיינע טרעהרען אָהן א שיעור, —
דאָס בעסטע, וואָס עס איז פאראַן
אין מיין נשמה שענק איך דיר:

מיין שעהנסטעס ליעד טרעט באלד ארוים
און גריסט דיך היים ביים ערשטען בליק.
און יעדעס וואָרט, וואָס דו רעד'טסט אוים,
ווערט מיר פערוואַנדעלט אין מוזיק.

דאָך יעצט, געליעבטע, מוזטו געהן.
דאָ האָט דיא ליעבע ניט קיין מאַכט.
איך טאָר דיך ניט אומאַרמען, — ניין!
מיין לעבען קומט ערשט מיט דער נאַכט.

# וואס איז דיא וועלט

---

און איז אונזער וועלטיל א שלאָפּצימער נאָר,
און איז נאָר א חלום דאָס לעבען;
דאן זאָלען מיר, וויל איך, אויך מיינע פּאָר יאָהר
אין גוטע חלומות פערשוועבען.

דאן וויל איך חלומות פון פרייהייט און גליק,
וויא יענע גרויסארטיגע הערען:
דאן וויל איך אין חלום א ליעבליכען בליק
און וויל ניט מעהר טרוימען פון טרעהרען.

און איז אונזער וועלטיל א שמחה, א באלל,
וואו מיר זיינען אלע פערבעטען;
דאן ווילט זיך מיר אויך זיטצען ברייטלאך אין זאל
און האָבען א חלק א פּעטען.

אויך איך קען פערדייהען א זאך, וואָס איז גוט,
א ביסען א פּעטען פערטראָגען;

איך האָב אין מיין גוף אויך דיא זעלביגע בלוט,
וויא דיא, וועלכע אוצרות פערמאָגען.

און איז נאָר א גאָרטען אצינד אונזער וועלט,
וואו ס'וואקסען אויך אלערהאנד ראָזען,
דאן וויל איך שפּאציערען דאָרט, וואו מיר געפעהלט,
און ניט, וואו דיא רייכע מיר לאָזען.

דאַן ווילט זיך מיר טראָגען פון בלומען א קראַנץ,
איך וויל זיך מיט דערנער ניט ציערען; —
דאן ווילט זיך מיר אויך מיט מיין ליעבסטע אין גלאנץ
פון מירטען און לאָרבערן שפּאציערען.

און איז אונזער וועלט א מלחמה אצינד,
וואו שטארקע און שוואכערע שטרייטען;
דאַן ערט מיך קיין שטורעם, קיין ווייב און קיין קינד,
איך בלייב ניט מיט קאלטקייט פון ווייטען.

דאן ווארף איך אין פייער זיך, ווער איך א העלד,
און קעמפּף וויא א לייב פיר דעם שוואכען;
און טרעפט מיך דיא קויל — איך פאל טויט אויפ'ן פעלד,
דאן קען איך אויך שטארבענדיג לאכען.

# מיין רוהע פּלאַטץ

ניט זוך מיך, וואו דיא מירטען גרינען!
גערפינסט מיך דאָרטען ניט, מיין שאַטץ;
וואו לעבענס וועלקען ביי מאַשינען,
דאָרטען איז מיין רוהע פּלאַטץ.

ניט זוך מיך, וואו דיא פויגעל זינגען!
געפינסט מיך דאָרטען ניט, מיין שאַטץ;
א שקלאַוו בין איך וואו קייטען קלינגען,
דאָרטען איז מיין רוהע פּלאַטץ.

ניט זוך מיך, וואו פאָנטאַנען שפּריצען!
געפינסט מיך דאָרטען ניט, מיין שאַטץ;
וואו טרעהרען רינען, צייהנער קריצען,
דאָרטען איז מיין רוהע פּלאַטץ.

און ליעבסטו מיך מיט וואהרע ליעבע,
טאָ קום צו מיר, מיין גוטער שאַטץ!
און הייטער אויף מיין הערץ דיא טריעבע,
און מאַך מיר זיס מיין רוהע פּלאַטץ.

# וואוהין?

(צו א מיידעלע)

וואוהין, וואוהין, דוא שעהנעם קינד?
דיא וועלט איז נאָך נים אָפען!
אָ, זעה, וויא שטיל דאָ איז ארום!
פארטאָג, דיא גאסען שטעהען שטום, —
וואוהין, וואוהין, אזוי געשווינד?
יעטצט איז דאָך גוט צו שלאָפען:
דיא בלומען טרוימען דאָך נאָך, — זעהסט?
עס שווייגט נאָך יעדער פייגעלנעסט, —
וואוהין פאָרט טרייבט עס דיך אצינד?
וואו לויפסטו, זאָג, בעגיענען?
„איך געה פערדינען!“

וואוהין, וואוהין, דו שעהנעם קינד,
זאָ שפעט ביי נאכט שפאציערען?
אליין דורך פינסטערנים און קעלט!
און אלעס רוהט, עס שווייגט דיא וועלט, —
וואוהין פאָרט טראָגט עס דיך דער ווינד?

דוא װעסט דאָך נאָך פערא‏ירר‏ען !
קוים האָט דער טאָג דיר ניט געלאכט,
װאָס קען דיר העלפען דען דיא נאכט ?
זיא איז דאָך שטום און טויב און בלינד !
װאוהין מיט לייכטען זינען ?
„איך געה פערדינען !“



# דיא נאכטיגאל צום ארבייטער

שעהן זומער איז היינט, שעהן זומער איז היינט!
דו הערסט וויא איך פייף דיר א נגון?
אין טיעפבלאָען הימעל דיא זונן גאָלדיג שיינט,
עס זינגען אין וואלד מיינע לופטיגע פריינד
עס זשומען אין גרינגראָז דיא פליעגען;
עס פלוידערט דער קוואל און עס מורמעלט דער טייך
עס בליהען און שמעקען דיא בלומעלאך רייך, —
געגוג אין פאבריק דיר צו ליעגען!
שטעה אויף, דיא נאטור האָט דיך אויך גאָר ניט פיינד, —
שעהן זומער איז היינט, שעהן זומער איז היינט!
פיעל לוסטיגקייט, פיעל פערגעניגען,
איין יעדוויעדעס אטהעמט, איין יעדעס געניסט, —
עס פרעגען נאָר אלע, וואו דו ערגעץ ביסט:
דיין חלק איז דאָ, יא, דיין טהייל איז פאראן, —
נו, נעהם עס, אָ, נעהם דאָס, דו ארבייטער מאנן!

שעהן זומער איז איטצט, שעהן זומער איז איטצט!
דער שמעטערלינג טאנצט אויף דיא בלומען,
דער זילבערנער רעגענדיל מחיה'דיג שפריצט,

עס שטעהען דיא בערג אזוי גרין און פערשפיצט,
דיא לופט איז געמישט מיט פארפומען;
דיא שעפעלאך שפרינגען אין בלומיגען טהאל,
דער פאסטוך דערהערט שוין דער פאסטושקעס קול,
דיא הייליגע צייט איז געקומען!
נו, מאך ניט קיין שיהות, דאס לעבען פערבליצט, —
שעהן זומער איז איטצט, שעהן זומער איז איטצט!
דער ראד מעג א ווײלע פערשטומען, —
דו האסט אזוי לאנג, אזוי ביטער געשאפט,
פערוועגד'ט אזוי נאריש דיין אייזערנע קראפט.
א, רייד זיך ניט איין, אז דאס לעבען איז שטות
הייב אויף מיט א חשק דעם כוס פון געגנוס!

שעהן זומער איז דא, שעהן זומער איז דא!
איך וועל עס דיר אייביג ניט זינגען,
דען ענדליך וועט קומען אויף מיר אויך א שעה,
מיין צווייג וועט פערנעהמען דיא פינסטערע קראה,
דאס הייליגע ליעד וועט פערקלינגען.
א, כל זמן איך זינג דיר אראפ פון דעם בוים
פון פרייהייט און ליעבע דעם גאלדענעם טרוים
טא הייב דיך און לאז דיך ניט דינגען...
דיא הימלען פערבלייבען אויך אויביג ניט בלאה,
שעהן זומער איז דא, שעהן זומער איז דא!
אצינד קען מען לוסטיג פערברענגען.

דען גראַדע וויא דו, וועלכער וועלקט ביין מאַשין,
פערוועלקט ענדליך אַלעס און טראָגט זיך אַהין;
מאָמענטען נאָר בילדען, דאָס לעבען, דיא צייט, —
פערזעהן א מאָמענט איז פערלאָרען דיא שטרייט!



# דאס ליעד פון מאשינען

מיר שאַרען דיא אַרבייט
מיט „שאַרער" מאַשינען
און שארען פיעל אוצרות אריין,
דאָך וואָס מיר דערלעבען
און וואָס מיר געווינען,
און וואָס מיר ערשטרעבען,
און וואָס מיר פערדיענען,
איז הונגער און עלענד, און פיין.
מיר שארען מיט „שארער"
און ווערען אלץ דארער,
דאָך אונזערע נארער —
זיי נארען אונז דאָך.
מיר שארען און שארען,
אָ, ביז מיר ערשטארען
און פאלען אין יאָך.

מיר זינגען און טרייבען
דיא „זינגער" מאשינען,
דעם מייסטער דאָס ליעדעל געפעלט.
מיר זינגען כסדר

פון טרעהרען וואָס רינען,
פון בלוטיגע קליידער
מיט קללות דערינען,
א ליעד פון א פינסטערע וועלט.
מיר טרייבען דיא „זינגער"
סיי עלטער, סיי אינגער, —
צו שאפען דיא דינגער
א לעבען פול פּראכט.
מיר זינגען און זינגען,
אָ, ביז אונז פערשלינגען
דיא שאטענס פון נאכט.



# דער אלטער שניידער

---

ער זיצט און נייט שוין פיעלע יאָהרען,
און זיין בלייכער פּנים שוויצט. —
דער באָרד איז איהם שוין ווייס געוואָרען,
וויא דער פאָדים, וואָס ער ניטצט.
נישטאָ כמעט אין שטאָדט א מייסטער,
וועלכען ער האָט ניט געדיענט
און דאָך האָט ער קיין סענט אין טייסטער
און קיין ברויט פיר ווייב און קינד.

ער קומט אריין אין שאפּ בעגינען
און פערדיענגט שוין זיינע הענד; —
ער האלט פאראיינס אין איין פערדיענען
און פערהולטעוועט קיין סענט.
ער שאַפּט שוין ווען עס גראָו'ט דער מאָרגען
און ער שאפּט נאָך שפּעט ביי נאכט,
און אימער, אימער, וואו צו באָרגען
זיצט ער טרויעריג און טראכט.

דער מייסטער איז מיט איהם צופריעדען,
דען ער טענה'ט ניט קיין סך,

ער מאכט אין שאפּ ניט קיין ירידן
אונ בּעליידיגט ניט זיין פּאַך.
ער קומט און געהט אוועק אין שטילען, —
ריידען, רעדט פיר איהם דער הוסט!
דעם טרעהר פערדעקען איהם דיא ברילען
און דעם שמערץ פערדעקט דיא ברוסט.

דיא ארבייטס־לייטע, אלע קוקען
אויף דעם קראַנקען מיט א וועה,
זיי קוקען אויף זיין מיעדען רוקען,
וועלכער קרימט זיך ביי'ם געגעה.
זיי זעהען שוין דעם שווארצען זיעגעל,
פיר זיין עהרליכקייט דיא שטראַף....
זיי זעהען, פּונקט וויא אין א שפּיעגעל,
אין דעם אלטען זייער סוף.



# מיט מיין קינד

---

דאָס וועטער איז ליעבליך, איך געה מיר אין גאס,
מיט מיר געהט מיין אינגעלע קריינקלאך און בלאס.
ביים וועג אויף א קאָרנער, דערזעהט ער א סטענד
און פאנגט אָן צו וויינען, און שטעלט אוים דיא הענד.
ער ציהט זיך אהין, וואו עס ליעגען דיא פרוכט, —
אן עפּעלע, נעבאך וויא וואָלט ער פערזוכט!
עס חלש'ט דאָס הערציל, עס ברעכט נעבאך שיער, —
ער קוקט אויף דיא פרוכטען מיט וועה און אויף מיר.
אָ, קינד מיינס, איך וויים וואָס דו ווילסט, וואָס דיר פעהלט,
דאָך ניין, ניט פיר אונז איז דיא פרוכט פון דער וועלט.

מיר געהען זיך ווייטער, מיין אינגעלע שוואך
זעהט ווידער א פענסטער מיט צאצקעס א סך.
ער קוקט אויף דיא גליקען מיט קינדערשען חן
און קוקט מיר אין פנים צו וויים איך זיין מיין.
ער פלוידערט, ער פלאפּעלט, ער וויינט און ער לאכט,
און ציהט מיך דערווייל צום פענסטער בעזאכט.
איעדווידער שפּיעלצייג אפּארט לאָקט איהם אָן,
איך קוק מיט יסורים... אָ, וואָס זאָל איך טהאָן?

אַ צאַצקעלע, נעבעך דאָס קינד איז געקווועלט,
דאָך ניין, ניט פיר אונז האָט זיא צאַצקעס דיא וועלט.

נון, האָב איך מיט ערגערניס זיך און מיט כעס
פערשוואָרען מיין קינד ניט צו נעהמען אין גאַס.
ער בעט זיך און שרייט: „מיט דעם טאַטעניו געהן",
עס ריהרט מיך, דאָך ענטפער איך טרויעריג: „ניין!"
איך ענטפער איהם „ניין!" און איך פיהל איך פערגעה,
אָן עפּה'לע נעבאָך. געערגערט — וויא וועה!
וויא ביטער און וועה איז עס מיר און וויא ווינד
צו זעהן און צו פיהלען דעם צער פון מיין קינד!
און דאָך מיט אַ קול האַלב דערשטיקט פון געוויין
איהם ענטפערען: „שאַ!" און איהם ענטפערען „ניין!"



# דיא ערשטע ווײדזשעס

א צימער קאלט און פינסטער,
אין שטילל, עס דאכט זיך פוסט,
נאָר דורך דיא טיעפע שטילקייט
ברעכט דורך א שווערער הוסט.

דאָרט ליעגט א מאן א קראנקער,
פערלאָזען און פערשוואכט,
פון מענשען ניט בעקימערט,
פון הימעל ניט בעטראכט.

זיין פרוי, איהר האָט דיא שווינדזוכט
אין גרוב שוין לאנג פערשלעפט,
און פון דיא קינדער אללע,
דאָס איינגסטע קינד נאָר לעבט.

דאָס איינע איז געבליעבען
און האָט ניט וואו צו זיין, —
דעם טאַטעס לעטצטע גדולה,
דעם טאטענס לעטצטע פיין.

זיא האָט דיא שוהל פערלאָזען,
דאָס לעבענס העכסטע גליק —
דער טאטע ליעגט א גוסס
און זיא איז אין פאבריק.

זיא מוז, זיא מוז פערדיענען,
דאָס איז דער לעצטער פלאן; —
זיא מוז דיא הויז פערזאָרגען,
דעם אָרמען, קראנקען מאן.

דאָס איז איהר ערשטע פראָבע,
דאָס איז איהר ערשטע וואָך,
איהר ערשטער טריט אין קנעכטשאפט,
איהר ערשטער גאנג אין יאָך.

און עלענד ליעגט דער שלאָפער,
מיט טיעפע נאכט ארום,—
אָט פרייכט ער דורך דיא שטומקייט,
אָט ווערט ער ווידער שטום.

פערשיעד'נע בילדער זעהט ער:
אַ פייער און אַ שטראָם,
א גראבען פול מיט ביינער,
א הימעל און א תהום.

א מחנה שווארצע פויגעל,
א טויטע שוואלבּ, א בלום.
א וואלד מיט האלבּע בּוימער
און וועגען לאנג און קרום:

זיין שווערען שיקזאל זעהט ער,
זיין יעדע האָפנונג טויט,
זיין אויסגעדומפּפּטעם לעבּען
אין טרויער און אין נויט.

דאָך פּלוצלונג שפּרינגט דיא טיהר אויף,
עס קומט א טרייסט אריין:
„אָ, פאָטער, פאָטער, פאָטער,
אָ, ליעבּער פאָטער מיין!

„מאך אויף דיא אויגען דיינע,
און זעה, און הער מיין קול! —
איך בּרענג דיר טויזענד בּרכות,
און קושען אָהן א צאָהל.

„מיר זיינען מעהר ניט אָרעם,
האָבּ ליכט און בּרויט געבּראכט, —
איך לויף דעם דאָקטאָר רופען,
און וואך דיא גאנצע נאכט.

„דוא זאָלסט געזונד זיין װיעדער,
געזונד אויף לאנגע יאָהר, —
איך האָב פיער דאָלאר, פאָטער,
פיר איין װאָך ארבייט נאָר!

„מיין באָס איז גוט און עדעל,
ער האָט געזאָגט, דער גביר:
דוא ביסט א שעהנע מיידעל,
װעסט ניצליך זיין פיר מיר....“

און שא, עס שװייגט דיא קליינע,
איהר קינדיש בליק װערט שטאַר,
א טיעפער קרעכץ פערקינדיגט
יסורים און געפאהר.

דאָס ציטערט אוים דער גוסס,
זיין לעטצטעס װאָרט אַצינד
און אויף דיא ליפען שטארבט עס:
„מיין קינד .... מיין איינציג קינד!“...



# דיא פערפיהרטע

---

געדיינקסטו, וויא דו האָסט מיר ליעבע געשוואָרען?
געגרינט האָט דער אֶפּעלבוים צווישען דיא קאָרען.
דער פייגעל האָט רוהיג געבליקט פון דיא צווייגען —
און אלעס ארום איז געלעגען אין שווייגען...
אָ, ווער האָט עס דאמאָלס געוואוסט דיין כונה?
געשטומט האָבען הימעל און ערד און לבנה,
ווען דו האָסט געשוואָרען פאר מיר מיט א פייער,
אז אייביג פערבלייבסטו מיין איינציג געטרייער.
דו האָסט מיך בע'כשוף'ט, דו האָסט מיך בעטרונקען,
איך בין וויא בעטויבט אין דיין ארעם געזונקען...
אָ, דאן איז דיין אונריינער וואונש דיר געלונגען,
דו האָסט אין מיין הייליגטהום פרעך איינגעדרונגען,
מיין עהרע גערויבט און מיין לעבען צוריסען,
מיך ביטער בעליידיגט און ענדליך פערשמיסען.

בין אָרעם און עלענד, וואָס דארפסטו זיך שטערען?
פלעג איך ביי דיר שטענדיג זיך בעטען מיט טרעהרען.
און דו ביסט דאָך רייך און געבילדעט, און איידעל...
געה, זוך דיר אַ שעהנערע, רייכערע מיידעל!

אָ, זאָל מיך דער פייער פון עלענד פערברענען,
פלעג איך צו דיר זאָגען, דו דאַרפסט מיך ניט קענען.
פערגעס אָן מיין שעהנהייט, איך דארף ניט קיין גבירות,
אָ, לאָז מיך אין ארמוטה, איך זוך קיין עשירות. —
געדיינקסטו דיא נאכט, ווען מיר זיינען געגאנגען?
דער מאָנד איז וויא זילבער אין הימעל געהאנגען,
פון גאָלדענע שטערען בעקראנצט אין דער סביבה,
וואָס האָבען געשמייכעלט וויא קינדער נאַאיווע, —
געדיינקסט יענע נאכט? אָ, דו דארפסט איהר געדיינקען!
איך שיינק עס דיר, גאָטט זאָל אין הימעל דיר שיינקען!

איך האָב זיך בּיי דיר מיט רחמנות געבּעטען:
„אָ, ריים מיך ניט אוים, וועסט מיך שפּעטער צוטרעטען...
אָ, לאָז מיך! איך וועל מיר צווישען דיא מאשינען
אן עהרליכען מאן, א געליעבטען געפינען.
א שאפּ־מיידעל בין איך, וואָס האָב איך צו קלייבען?
בין אָרעם געבּאָרען, וועל אָרעם פערבלייבען“.
דאָך דו האָסט מיט זיסע און קונציגע ווערטער
געשוואָרען, אז דו נאָר מוזט זיין מיין בעשערטער.
צו שעהן בּין איך, האָסטו געזאגט, צו פערוויאָנען
פיר מיר איז א בעסערעס לעבען פאַראַנען.
געדיינקסטו דיא נאכט?.... זיא איז לאנג שוין פערגאנגען.
דער ווינטעל האָט קוים וואָס געשאָקעלט דיא זאנגען,
ארום דיא נאטור האָט געקוקט און געשוויגען.
אָ, ווער האָט גערעכענט דו זאָלסט מיך בעטריגען?

אצינד זאָגסטו ווילסטו מיך מעהר ניט בעגעגנען,
איך האָב ניט דאגעגען, איך קום זיך געזעגנען.
איך וויים אַז דו גיעבסט זיך אַן אַנדערער איבער,
נו, ווינש איך דיר מזל טוב... מזל, מיין ליעבער!
דו ביסט קיין בעל חייב, דיין שם איז געזעזען,
דיא שולד, זיא איז מיינע, יאָ, מיינע געוועזען:
איך האָב ניט געגלויבט, אז דו וועסט מיך בערויבען,
איך האָב ניט געוואוסט נאָך דעם אונגליק פון גלויבען,
איך האָב נאָך דיא מענשען געגוי ניט בעגריעפען
און האָב ניט געוואוסט, אז דיא צונג איז געשליפען.
ניין, דו ביסט ניט שולדיג, איך קום דיר פערצייהען
איך וויל דיך פערלאָזען, איך וויל דיך בעפרייען, —
וויא קום איך, אַן אויסוואורף, אין עלענד געשלאָסען,
פערלאנגען מיין מייסטער'ס א זוהן פאר א חתן?



# דיא כלה פון דיא בערג

---

אויף דיא אַללעגיינע־בערגער *)
זעהט זיך א רואינע; —
דאָרטען ליגט אַן אייגעפאל'נע,
אלטע קוילענמינע. ,

און ניט ווייט פון דיעזער חורבה,
איינזאם און פערלאָזען,
שטעהט א שטיבעלע א קליינע
צווישען ווילדע גראָזען.

דאָרטען פלעגט דער אלטער בערגמאַן
רוה ביי נאכט געפינען;
דאָרטען פלעגען זיפצען קלינגען,
שטילע טרעהרען רינען.

דאָך דיא וויסטע קוילענמינע —
דאָרט איז בלוט געפלאָסען:

---

*) דיא אַללעגיינע בערג געפינען זיך אין פענסילוויינִיע און
ווירדזשיניא סטייטס און זיינען זעהר רייך אין קוילען מינעס.

אונטען ליעגט דער גוטער אלטער
אונ זיין טאָכטער'ס חתן.

אונ זיין פרומע, שעהנע טאָכטער,
אך, וואָס קען זיין ערגער ?
וואנדעלט מיט א גייסט א קראנקען
אויף דיא שטומע בערגער.

איינזאם לעבט זיא צווישען שטיינער,
אָהן א טרייסט, אָהן האָפען ;
שפּעט ביי נאכט נאָר אויף דער מינע
ווערט זיא שטיל אנשלאָפען.

דאָך וויא גיך זיא שלאָפט נאָר איין דאָרט
שפּיעלען דיא כלי זמרים,
אונ איהר טאטע אונ איהר חתן
עפענען דיא קברים.

אונ מיט זיי דיא בערג לייט אלע,
אלע מיט געזאנגען —
אונ ניט וויט דאָרט פון דעם קלויסטער
הערט מען דומפּפע קלאנגען.

שטום אַנשוויגען, וויא דער קבר,
שווארץ אונ בלוט בעגאָסען,

נעהמט אין אָרעם זיין געליעבטע
דער פערקיהלטער חתן.

גלייך טרעט צו דער אלטער טאטע,
דורכגעברענט מיט וואונדען,
וויינט און בענשט דיא קינדער זיינע,
זיפצט און ווערט פערשוואונדען.

דאָ פערשטומען דיא כלי זמרים
און דיא גלאָקען אלע,—
אלעס שווינד'ט און שווייגט; עס בלייבען
נאָר דיא חתן־כלה.

און זיי בלייבען און זיי טאנצען
רוהיג, קיינער שטערט ניט,
ביז עס גיט א וואונק פון ערגעץ,
און דער חתן ווערט ניט.

דאָ שפרינגט אויף דעם טויטענס כלה:
„א, דיא מענשענשעכטער!"
און פערשווינדעט אין דיא בערגער
מיט א ווילד געלעכטער.

# דיא סוועט שאפ

---

קאָרנער וועה און עלענד שטעהט אן אלטע הייזעל:
אונטען איז א שענקעל, אויבען איז א קלייזעל.
אונטען קומען לומפען אויפטהאָן נאָר נבלות,
אויבען קומען אידען, קלאָגען אויפ'ן גלות.

אָבער העכער, העכער: אויפ'ן דריטען גאָרען,
איז פאראן א צימער, — וועה צו זיינע יאָהרען!
זעלטען ווען געוואשען, זעלטען ווען גערייניגט, —
טוכלעקייט און בלאָטע זיינען דאָרט פעראייניגט.

אָט אין דיעזען מקום ארבייטען זיך פלייסיג
און צופריעדען, דאכט זיך, ביי אן ערך דרייסיג
אָפגעצעהרטע מענער, אָפגעצעהרטע ווייבער,
מיט צודריקטע גייסטער און פערוועלקטע לייבער.

דאָרטען געהט ארום זיך מאָטקע פארך א בייזער,
שפילענדיג דיא ראָלע פון א גאנצען קייזער,
דען ער איז דער מייסטער און דיא שאפ איז זיינע.
און מען מוז איהם פאָלגען, פאָלגען אָהן א טענה.

# דיא אָרימע געזינד

---

ע'ס שטעהט אַן אָרעמע געזינד
אין קאורט הויז פאר דעם ריכטער,
פערמאַטערטע פון לעבען מיעד,
מיט מאַגערע געזיכטער.
דער פאַטער איז א קראַנקער מאַן,
דיא מוטער — שוואך, געבראָכען:
דיא עופה'לעך דיא בידנע פיער, —
נאָר דארע הויט און קנאָכען.

אָ, זייער זינד איז זעהר גרויס,
איז גוואלטיג, צום ערשטוינען!
זיי האָבען מעהר קיין היים פיר זיך,
קיין דירה, וואו צו וואוינען.
זיי קוקען אויף דעם ריכטער יעצט, —
זיי קענען דיא גרימאסען, —
זיי ווייסען שוין דעם ווילדען פסק
פיר וואנדלען אין דיא גאסען.

עס טרייבט זיי דיא גערעכטיגקייט
אלס בעטלער, וואגאבונדען,
פון דארף צו דארף, פון שטאדט צו שטאדט,
כמעט א יאהר א רונדען.
זיי קענען יעדע תפיסה שוין,
זיי ווייסען שוין דיא נארעס; —
דאך שטארבען אבער שטארבט זיך ניט,
עס לעבט זיך נאך אויף צרות.

דער מוטער'ס צונג איז וויא געלעהמט,
דער פאטער פרעגט צוטראגען:
„וואו דיינקסטו, ריכטער, וויטער אונז
מיט עופה'לאך צו יאגען?
א, לאז אונז דא, דיא שטאדט איז גרויס, —
מיר וועלען אפשר קריעגען
א מאהל'צייט ערגעץ וואו געשענקט,
אן ארט אוואו צו ליעגען.

„און אויב איך ווער א מאל געזונד
(ביי גאטט קען אלעס ווערען),
וועל איך מיין ווייב און קינדער נאך
מיט צערטליכקייט ערנעהרען.
א. לאז אונז, ריכטער, לאז אונז דא,
פערבלייבען צווישען מענשען!

אָ, גיעב, אנשטאָט צו פלוכען דיך,
געלעגענהייט צו בענשען!"

דער ריכטער מעסט דעם קראנקען אָפּ
מיט זיינע ביסטרע בליקען:
„אָ, ניין, איך וועל אייך אלע זעקס
פון דאגען מעהר ניט שיקען.
איהר ביידע נאָר וועט מוזען געהן,
דיא קינדער וועלען בלייבען;
איך וועל פיר זיי אין וויזענהויז
א פרייען פלאטץ פערשרייבען".

דער פאָטער ווערט פאר שרעק פערשטומט
דיא מוטער פאַנגט אָן שרייען:
„אָ, ניין, דאָס וועט אין הימעל גאָטט
אייך קיינמאָהל ניט פערצייהען.
און נעהמט איהר מיינע קינדער צו,
טאָ נעהמט פאראיינס מיין לעבען; —
אָ, ניין, איך זועל דיא קינדער אייך
אויף קיינעם פאל ניט געבען.

איך האָב מיט בלוט געזויגען זיי,
ערצויגען ביז אצינדער, —
איך וועל אויך ווייטער בעטלען געהן
און שפּייזען מיינע קינדער.

איך ווייס, איך ווייס, דאָס וועט ניט זיין,
דו לאכסט עס נאַר, דו שפּיעלסט נאַר,
אָ, לאָז דיא עופה'לאך ביי מיר
און טרייב אונז, וואו דו ווילסט נאַר!"

דער ריכטער ענטפערט מעהר קיין וואָרט,
ער ענדיגט דיא פּאפּירען:—
איהם ארט דיא מוטער'ס ווערטער ניט,
איהם קען איהר וועה ניט ריהרען.
דער משפט, ער איז אויסגערעדט, —
און קען ער זיין נאָך ווילדער?
אָ, דאָפּעלט פלוך אויף דער סיסטעם,
וואָס שאפט אזעלכע בילדער!



# פּרצווייפעלטע קולות

---

און כל זמן געלד וועט סלינגען,
וועט מען דאָס לידעל זינגען.

---

דיא סטרייקענדע וועבער ציטרען:
„ווען וועלען מיר אָנהויבען לעבען?“
זיי הערען א קול א ביטרען:
„ווען איהר וועט פערשטעהן ווי צו וועבען“....

דיא סטרייקענדע פארבער פרעגען:
„וויא לאנג וועלען מיר פערדארבען?“
זיי ענטפערט א קול אנטקעגען:
„ביז איהר וועט פערשטעהן וויא צו פארבען“

דיא סטרייקענדע שניידער שטרייטען:
„וויא לאנג וועלען מיר מוזען ליידען?
זיי ענטפערט א קול פון ווייטען:
ביז איהר וועט פערשטעהן וויא צו שניידען“

דיא סטרייקענדע מיינער קלאָגען:
„וויא לאנג וועלען מיר צרות האָבען?“
זיי הערען א שטימע זאָגען:
„ביז איהר וועט פערשטעהן וויא צו גראָבען“....

אזוי נאָכאנאנד אלץ געהען
דיא פראגען און ענטפערס, און קומען, —
איך הער זיך דאָס איין מיט וועהען
און פרעג: ווען וועלען זיי פערשטומען?“



# שיסט דיא בעסטיע

---

לאָדט אָן דיא ביקסען, שפּאָרט קיין בליי
אונ שיסט דעם מיינער אין זיין נויט,
ער שטאַרבט דאָך זעלטען סיי וויא סיי
מיט אַ נאַטירליך, מענשליך טויט.
וואָס האָט אַ מיינער פאַר אַ ווערטה?
ניט איצט איז שפּעטער, מאַכט א סוף!
ער ליעגט דאָך סיי וויא סיי אין דר'ערד,
איהר שיסט א מת, אייך קומט קיין שטראָף.

וואָס אַרט א מיינער דען דיא נאַכט?
וואו טרייסט איהם ליכט? וואו קוויקט איהם שיין?
אַ מענש וואָס ליעגט אין שוואַרצען שאַכט
אונ הערט וויא בערג נאָר פאלען איין.
א מיינער שרעקט דער טויט ניט — ניין!
לאָדט אָן דיא ביקסען, פייערט אָפּ!
זיין אָרט איז אונטען, זאָל ער געהן
אונ ניט פערדרעהען דאָ א קאָפּ.

וואָס דאַרף אַ מענש, וואָס ליגט אין גרוב ?
וואָס וויל אַ שקלאַוו, וואָס האָט קיין טאָג,
אַ שעהנע קלייד ,אַ פיינע שטוב,
אַ גרויסען לוין ? צו וועלכען קלאָג ?
אָ, פייערט אָפּ, ניט שפּאָרט קיין בליי !
אַ מיינער'ס בלוט מעג רינען פריי,
אָ, פייערט אָפּ, ניט שפּאָרט קיין שראָט —
איהם הערט קיין מענש, איהם העלפט קיין גאָטט.



# דער לייב

וואָס רוקט איהר אלץ דיא פלייש אין זיך
און שמייסט צו מיר דיא ביינער ?
וואָס מיינט איהר, וואָס ? א הונד בין איך,
א הונד מיט קהל'שע צייהנער?

א הונד וואָס לויפט ארום אין גאס
און נעכטיגט אויף דיא בריקלאך,
און ווען איהם פאלט א ביין צום שפאס
איז ער שוין איבער גליקליך ?

א הונד וואָס כאפט א בים אין קיך,
ערנידעריגט און שפל,
און לעקט דערפאר דעם ווירטה דיא שיך,
דער ווירטהין דיא פאנטאָפעל ?

אָ, ציטערט ! דען איך בין דער לייב, —
ניט שפיעלט מיט מיר אין שפיצלאך,
דען קוים דערלאנג איך מיך א הייב,
צופלייש איך אייך אויף פיצלאך !

איך קען דיא סטעפּ, איך קען דעם וואלד,
איך בין אין יאכט געבאָרען,
איך טהו א ברום, עס ווערט א גוואלד, —
און איהר דערקענט מיין צאָרן.

ניט קוקט זיך איין וואָס איך פערשוויינ,
ניט האלט מיך פאר א שוטה, —
עס קומט דער טאָג, איך ברעך דיא שטייג
און איהר בלייבט ליעגען טויטע....



# איך סטרייק

אַ סוף זאָל דאָס נעהמען מיט נאָדעל און שעהר!
איך בין מעהר קיין שניידער; איך ארבייט ניט מעהר!
איך טהו מעהר קיין שניט ניט; איך טהו מעהר קיין שטאָך,—
געענדיגט אן עסק און כאפט עס א בראָך!

איך ארבייט, און ארבייט אליין, זייט איך געדענק,
און וואָס האָב איך אָפּגעשפּארט פרעגט מיך? א קרענק.
וויא לאנג איז דער שיעור צו פערבלייבען א פערד?
איך ארבייט ניט לענגער און געהט עס אין דר'ערד!

מען זאָגט עס איז דאָ אצינד ארבייט לרוב, —
וואָס העלפט דאָס? איך בלייב אלץ דער זעלבער בעל חוב.
איך ארבייט און ארבייט און ווייסט איהר צו וואָס?
צו שפּייזען א סוועטער, א לומפּיגען באָס.

אָ, זייט איך בין שניידער האָב איך שוין צונייט
א ים מיט מלבושים, א וועלט שוין בעקליידט —
דאָך וואָס קומט ארויס צו איך נעה צו איך סטאפּ,
א שרפה מעג קומען אלץ איינס אויף דער שאפּ.

# דערטרונקען

## א טראגעדיע.

### דער העלד פון דער טראגעדיע איז מאוריץ, אן ארבייטער.

דיא ביהנע שטעלט פאָר א געגענד הינטער ניו יאָרק נעבען א וואסער, עס איז א מיאוס'ער, נאסער און קאלטער הערבסט־וועטער. עס וואָיעט דער ווינד און פון דיא בוימער ארום פאלען הויפענסווייז אויף דער ערד דיא דורכגערעגענטע טוידטע בלעטער. אין הינטער גרונד זעהט זיך א פאבריק מיט אהויכען קוימען פון וועלכען עס נעהט א שווארצער רויך. מאָוריץ א קראנקער, בלאסער אָרימאן מיט איין האנד, אויף דעם ארט פון דער אנדער האנד הענגט א לעדיגער ארבעל, וועלכער ווארפט זיך אום ווען מאוריץ בעוועגט זיך. ער קוקט זיך אום, פונקט וויא ער וואָלט פאר אימיצען מורא געהאט און דאן פאנגט ער אָן צו טענה'ן.

מאוריץ.

דער רעגען פאטשט, עס קרעכצט דער ווינד!
איך בין דורכגענעצט, —
אָ, זייט געזונד מיר, ווייב און קינד

איך פערלאָז אייך יעצט.
עס איז בעשטימט. מיך צווינגט דיא נויטה
האָב ניט מעהר געקענט —
מיך טרייבט דיא קינדערס שטימע: „ברויט"!
און דעם לענדלאָרדס: „רענט".
וואוהין איך געה? איך וויים ניט וואו!
דיא היים האָט מעהר פאר מיר קיין רוה—
נו, שטארקער, ווינדען, פייפט מיר צו!

מיין פרוי און קינדער, אָך וויא שעהן!
דאָך, געליעבטע, הערט!
איך וויל אייך קושען, שרייט עס: „ניין!
דאָס איז דיר פערשטערט"!
דאָס איינגסטע ווײנט, דאָס עלטסטע רעדט.....
אָ, דוא בעזע שעה!
איהר וועט היינט געהן אליין צו בעט
איך בין מעהר ניטאָ.
עס רייסט מיך ווילד אוועק פון אייך,
מיין באָס איז שלעכט, מיין לענדלאָרד רייך,
דער דונער ראָלט, עס רוישט דער טייך.

דער ווינד לאָזט זיך הערען, עס דונערט און בליצט, פון דער פאבריק טראָגט זיך א פייפעריי אלס צייכען אז דער טאָג ארבייט איז גענענדיגט און עס פאנגט אָן צו ווערען דונקעלער. מאוריץ קעהרט זיך אום צום פאבריק און הערט זיך איין, דאן זעצט ער פאָרט מיט אויפרעגונג.

דאָס איז דיא פינסטערע פאבריק,
דאָרטען ליעגט מיין האנד!.....
עס פייפט, אָ, שרעקליכע מוזיק!
גרויסע, גרויסע שאנד!
אָ, אלע רעדער זיינען רויט,
און עס רייסט דאָס לייב....
עס זינקט דיא זונן, דער טאָג איז טוידט,
איך נאָר איינער בלייב...
איך זעה דיא טרעהרען, זעה דאָס בלוט,
זיי מישען זיך מיט דיעזער פלוט....
אָ, הוזשעט, כוואליעס, ניט גערוהט!

עס הערט זיך וויא דער ווינד, מיועט און רוישט צווישען דיא דארע צווייגען, וואָס טריפען וואסער. דער רעגען ווערט שטארקער, דונקעלע שאטענס וועבען ארום דיא ערד, עס ווערט פינסטער, פון דער ווייטען הערט זיך א געזאנג און א קלינגעריי פון קירכען גלאָ-קען. מאוריץ הערט זיך איין און רעדט האלב אונזיכער.

מיין פרוי, זיא זיפצט און קרעכצעט שטילל,
זיא רעדט שוין גאָר ניט מעהר.
יא, וויינען וויינט זיא זעהר פיעל,

נור ריידען איז איהר שווער...
זיי שטיל, זיי שטיל, ניט טהו דאָס, גיין!
עס איז צו גרוים דער צער.
דיא קינדער הערען דיין געוויין
און שרעקען זיך דערפאר...

ער געהט צו נאָהענט צום ריווער און הערט זיך איין וויא דאָס וואסער רוישט. ער נעהמט דיא טוידטע בלעטער פון דער ערד און ווארפט זיי אין דיא ווען, ער רעדט מיט נערוועזע אויפרעגונג און ציטערט מיט אללע גליעדער.

איך הער א וואָרט,
איך הער א סך ווערטער,
עס רופט מיך דארט,
אין דיא דונק'לע ערטער,
ברום, שטורם, ברום,
איך קום. איך קום.

איך זעה נאָר האס
און טייוועלשעם בעגעהרען,
דיא ערד איז נאס
פון מענשענס הייסע טרעהרען.
וועה, שטורם, וועה,
איך געה, איך געה.

א פרוי.... א קינד....

ווי א שרעקליך! ווי א מסוכן!
ווען גאָט איז בלינד,
וואָס זאָל דער מענש נאָך קוקען?
שלינג, שטראָם, מיך איין, —
א פלוך דעם זיין!

ער שפּרינגט אריין אין וואסער און ווערט פערשוואונדען. פון פאבריק ציהען זיך ארויס א מאססע ארבייטער, וועלכע געהן לאנג־זאם פארביי דעם אָרט פון דער טראגעדיע און ריידען צוזאמען און לאַכען. די מיידלאך מיט די באָים געהן שטיפענדיג פארביי. עס יאגען זיך האסטיג דורך צוויי אויטאָמאָבילס; עס הערט זיך פון ווייטען דער געזאנג פון שכורים און דער פאָרהאנג לאָזט זיך לאנגזאם ארונטער.



# אויפ'ן טויטען-גאַרטען

(א טרוים.)

דיא נאַכט איז א שטילע עס לייכט דיא לבנה,
עס פינקלען דיא שטערען אין הימעל ; —
מיך טראָגט דער בעל־חלום דורך טויט און דורך לעבען,
און הערט, וואָס מיר חלום'ט אין דרימעל!

אן אלטער בית עולם, צו־וואָרפענע קברים,
בעגראָבענע גליקען און צרות ;
דאָ ליעגען דיא גוטע, דאָ ליעגען דיא שלעכטע,
דאָ רוהען דיא קנעכט וויא דיא שררות.

אָט וואו ניט וואו חלום'ט א ווערבע א שטילע,
א ווינטעלע וויעגט איהרע צווייגען ; —
איך שטעה דאָרט געבראָכען און הער ניט קיין ווערטער, —
דיא טויטע, דיא טויטע, זיי שווייגען.

איך שטעה און בעטראכט ארום מיר דיא מצבות,
דיא הונדערטע בערגלאך דיא שטומע;
איך זעה דאָרטען קברים, און קענטיג אויך קברים
פון אָרימע, רייכע, און פרומע.

עס טראָגט זיך א ווינטעל און לאשטשעט דיא גריבער,
עס וויעגען זיך אויבען דיא בלעטלאך:
„א הייליגע רוהע אויף אייך אין דיא קברים,
א הייליגע רוה אין דיא בעטלאך“.

איך שטעה און עס גרוילט מיך! עס רעדט דער בעל חלום:
„אין דרום זייט זעה און אין צפון!
בעטראכט פון דיא זייטען צוויי שטילע געלעגערס, —
פערשטייסטו זיי? זאָג עס מיר אָפען!“

איך זעה, וויא פערשיעדען עס זיינען דיא קברים!
וויא קען דאָ פערשיעדענהייט קומען?
פארוואָס איז אָט דער בערגעל נעבאך א הוילער,
וויא קומען אויף י ע נ ע ם דיא בלומען?

„פערשטעהסטו, זאָג, מענש, פארוואָס דאָ וואקסען בלומען,
און דאָרט זעהסטו זאמד נאָר און שטיינער?“
האָט מיך דער בעל חלום געפרעגט און געשוואָרען,
אז ער ווייס דעם סוד און מעהר קיינער.

„אָט דאָ אונטער דיעזען בעוואקסענעם בערגעל, —
דער מענש האָט בעלאנגט צו דיא שינדער,
פלעגט מאטערען שוואכע און פייניגען ביטער
דיא אָרעמע ארבייטער־קינדער.

„ער האָט א מאָל ארבייטער בלוט נאָר געזויגען,
געפרעסען דיא עלענדע שקלאווען; —

דערפון פלעגען קווועלען ביי איהם זיינע גליעדער,
אָט דאָס האָט איהם פעטקייט געשאַפען.

„און יעצט איז פון ארבייטער׳ס ארעמע כחות,
וואָס ער האָט פערפרעסען פערנומען,
דער דאָזיגער גערטעלע אויבען געוואָרען, —
דאָס זיינען דעם ארבייטערס בלומען!

„אָן דאָרט צו דעם נאקעטען בערגעל בעלאנגט עס!
דאָס זיינען דעם ארבייטערס קוויטען!
דאָס וואקסט פון זיין מארך, פון זיין בלוט, זיינע טרעהרען,
וואָס ער האָט געאָפּפערט דעם צווייטען“.

עס בלאָזט זיך א ווינטעלע שטיל דורך דיא קברים,
עס טענה׳ט דער טויטענ־גאָרטען:
„דיא בלומען, דיא בלומען, זיי זיינען גע׳גנב׳עט,
אָן דאָרטען בעלאנגען זיי, דאָרטען!“

און העפטיגער טראָגט זיך דער ווינד דורך דיא גריבער,
אזוי וויא צו וועקען דיא טויטע, —
עס הערען זיך ווערטער, גאָר שרעקליכע ווערטער:
„דער שוטה, דער אָרעמער שוטה!“

און גלייך האָט דעם ארבייטער׳ס גרוב זיך געשפּאָלטען,
דער מת האָט געדונערט מיט צאָרען:

„אָ, ניט נאָר דיא בלומען אליין זיינען מיינע, —
דיא ברעטער זאָגאר פון זיין אָרון.

„און ניט נאָר דיא ברעטער אליין פון זיין ארון.
תכריכים, אויך איהר זייט ניט זיינע!
דאָס האָט ער דורך מיר, דורך מיין אָרעמע פּראצע, —
יא, אלעס און אלעס איז מיינע!"

נאָכדעם איז דער טוידטער ארויף אין דער לופטען
מיט קולות. „דאָס וועט אייך נאָך קאָסטען!"
און האָט זיינע פינגער אין פויסטען פערבראָכען,
און האָט אויף דער וועלט זיך פערמאָסטען.

פאר שרעקענים האָב איך ערוואָכט פון מיין חלום,
דאָך קלינגט מיר אין אויער דיא טענה:
„אָ, ניט נאָר דיא בלומען אליין זיינען גנבה,
נאָר אלעס און אלעס איז מיינע!"



# צו דיא וועלט פערשלינגער

א ביסעל מעהר, א ביסעל קנאפּער,
וואס האבּעוועסטו שאטען־כאפּער?
וואס ניצט דאס ווילדע יאגען,
ווען דאס פערבלייבט דעם קבר'ם קרבן
און אלעס וואס דוא האסט ערוואָרבען,
וועט מעהר קיין טאג בעטאגען!

דער שווארצער קאסע־מאן וועט קומען
און וועט דיר דיינע שעהנסטע בלומען
פון לעבענספעלד פערשניידען;
דו מעגסט וויא פעסט זיך געגען שטעלען,
דער טוידט מוז הערען צייט'ם בעפעהלען
און קיינ'ם און קיינעם מיידען.

ס'פערלאזען ענדליך דיך, געבראכען,
דיין מוטה, דיין קראפט און דיין נצחון,
א, שרעקליכע מרידה!
א קאלטער שוים בעגיסט דיא ליפּען—
דאס קומט דיא גסיסה אפצוקניפען
דעם לעבענם לעצטע חידה.

דו רופסט אום הילף און בלייבסט בעטראָגען,
דו זעהסט דיא ענדע פון דיין יאָגען.
וואָס האָסטו דאָ ערוואָרבען ?
וואו איז דיין גליק ? אָ, אָר'מער יעגער !
עס קומען קאַלטע מיטה־טרעגער,
א בעטלער איז געשטאָרבען !

אַ ביסעל מעהר, אַ ביסעל קנאַפּער,
עס געהט אַרום אַן אַלטער חאַפּער
אַ מורא'דיגער האַסער,
און כאַפּט צו אַלעס, אַלעס, אַלעס,
און וואַרפט עס אין דיא שטומע כוואַלעס,
פון דעם פערגעסנהייטס וואַסער.



# דער ברעדלי מארטין באלל *)

ד אָס איז דער ברעדלי־מארטין באל
פול פּרעכטיגקייט און צויבער!
דאָס טאַנצען ווילד אין וואלדאָרף'ס זאַל
דעם פאָלק'ס מיליאָנען־רויבער.

דאָרט פליסט דער וויין, דאָרט רוישט מוזיק,
דאָרט איז דער עולם הייטער;
דאָרט געהט דיא צייט, דיא וועלט צוריק,
אַנשטאָט צו שפּאַנען ווייטער.

דאָרט קאָסט אַ הונדערטער אַ בלום,
און טויזענדער אַ שטיינדעל

---

*) דיעזעם געדיכט איז געשאפען געוואָרען אין דער צייט פון דעם גרויסען קריזיס אין אמעריקא, ווען מענשען זיינען געשטאָרבען אין דיא גאסען פון הונגער. מרס. ברעדלי מארטין האָט דאן געמאכט א גלענצענדען מאסקענבאל.

און מעהר נאָך, מעהר נאָך אַ קאָסטיום,
און מעהר אַ פאַלשער חן'דעל.

דאָך דאָס איז אלעס שוין געווען,
ניטאַ אין דעם קיין נייעס —
דיא אַלטע וועלט האָט שוין געזעהן
פיעל גרעסערע הולטאיעס.

ס'איז ניט דער ערשטער מאַסקענגלאַנץ
אויף דער היסטאָריעס סצענע,
און ענדען וועט זיך דיעזער טאַנץ,
אַזוי וויא דאַמאַלס יענע . . .

* * *

דאָס איז דער ברעדלי־מארטין באַל,
אכט הונדערט געסט צוזאמען!
דאָ ארבייט אַללעס מיט דער גאַל
דיא פרינצען נאַכצואהמען.

דאָך אונזרע חברה פאַלט עס שווער,
דאַ העלפט עס אויך קיין מינץ ניט, —
דער גרעסטער הולטאַי־מיליאָנער
איז לאַנגע נאָך קיין פרינץ ניט . . .

נאַר עט, וואָס ווייסען זיי פון שאנד,
ווער וועט עס זיי ערקלעהרען?

זיי זיינען הערשער דאָ אין לאנד,
זיי זיינען מיליאָנערען.

זיי הערשען ווילד, אין יעדער אָרט,
מיט שטאָלצער, פרעכער מינע,
זיי הערשען דאָ זיי הערשען דאָרט,
בעהערשען דיא מדינה.

ווען זיי פערווילט זיך . . . נאָר גענוג !
מען וויים, מען וויים, איך רעכען,
דאָס ביז אַ צייט נאָר דינט דער קרוג,
ער מוז זיך ענדליך ברעכען . .

* * *

דאָס איז דער ברעדלי־מארטין־באַל !
דאָ האָט דער גאָלדנער גולם
אַ פּאַראַדיז אין יאָמערטהאַל,
א טאנץ אויף דעם בית עולם.

דען זעהט דיא מאסע קראנק און בלאס !
פערהונגערט און צופּראָרען !
דער שעהנסטער, בעסטער מענשענקלאס
מוז שטעהן אין גאס און שנאָרען.

אָט האַלטען זיי יעצט אויסגעשטרעקט
דיא הענד, דיא איגנאָראנטען,

וואָס האָבען וואלדאָרף׳ס געסט בעדעקט
מיט בלומען און בריליאנטען.

און מיסים ברעדלי מארטין לאכט,
דיא „פירסטין פון נאוואַרא״ —
אוי וועה! אזוי פיעל גלאנץ און פראכט,
אין דיעזער גויטה׳ס זאהארא!

אָ וועה! צו מיידען נאָך דיא שטראָף
און זיין אזוי פיעל שולדיג, —
אָ, פאָלק, ווען וואַכסטו אויף פון שלאָף?
ווען ווערסטו אונגעדולדיג?



# אַ טרוים

ווען אלץ איז שטיל ארום,
וויא אויסגעשטאָרבען, שטום, —
קיין שאָרך, קיין פּיפּס, קיין ריהר,
אין טיעפקייט פון דער נאכט,
וויא דורך א צויבערמאכט,
בעוויזט זיא זיך פאר מיר.

א בלאָנדע, שעהנע ווייב,
וויא שנעע איז וויים איהר לייב.
נאָר בלאם דיא באקען, בלאס; —
דיא שולטער פעסט און קלאָר,
פערציערט מיט גאָלד'נע האָר,
נאָר נאם דיא אויגען, נאס.

זיא קוקט מיך אן און שווייגט,
הייבט אויף דיא הענד און צייגט:
עס הענגט א קייט אראָפּ; —
איך פיהל, איך וויים איהר מיין,
און ענדליך מיט געוויין
פערלאנגט זיא: „שלים מיך אָפּ!"

מיין הערץ ווערט הײס, צוגליהט,
איך לויף מיט שנעלע טריט
און חאפ זיך צו דער קייט ;—
אָ וועה, איך פאַל צוריק !,
א שלאנג, — אי לאנג אי דיק,
איז דאָרט ארום געדרעהט.

איך שריי, איך וועק, איך שטראָף,
דאָך שרעקליך איז דער שלאָף !
איך הער אַ כראָפּעריי,
„אַ, הייבט זיך, הייבט זיך שנעל !
און זאָל עס ווערען העל, —
קומט מאכט דיא פרייהייט פריי !“

עס שווייגט ! נאָר איך אליין
צופלאץ, — נאָר וועק א שטיין !
עס ריהרט זיך ניט פון פלעק,
אַ רוף זיי יאָ צו ניט,
עס הייבט זיך ניט א טריט,
עס נעהמט קיין סוף, קיין עק.

דאָך ווער קען זעהן דאָס בילד
און זאָל ניט ווערען ווילד ;—
אַ סוף זאָל זיין, א סוף !
איך וואַרף זיך אין געפּאהר !
דאָ שרייט עס : „ווילדער נאר !“
איך כאַפּ זיך אויף פון שלאָף....

# פעדער שקלאפעריי

### דיא פען און דיא שעהר

איך האָב געמיינט דיא שאפּ איז שלעכט
און בעסער דיא רעדאקציע,
אצינד בין איך א פעדער־קנעכט, —
אָ, שרעקליכע רעאקציע!

דיא פען, וואָס האָט ביי מיר געדיענט,
מוז איך אליין יעצט דיענען, —
איך וויין אויף יעדער טראָפּען טינט,
וואָס איז פאראן דערינען.

א מאָהל האָב איך דיא וועלט בעקליידט,
בעמאנטעלט און בעיאַקעט; —
אצינד בין איך אליין בענייט
און לאָז דעם עולם נאקעט . . .

ווער קען זיך מאכען אָ בעגריעף
פון מיינע גרויסע ליידען? —
איך טראָג מיין וועה אין הערצען טיעף
און טאָר דערפון ניט ריידען.

אָ, מאכט מיר וויעדער אויף דיא שאפּ!
איך וועל דאָרט פיעל פערטראָגען,—
אָ, צאפּ מיין בלוט, דו סוועטער, צאפּ! —
איך וועל א העלפט נאָר קלאָגען.

וועל שאפען ביטער, שאפען שווער,
יא, שאפען אָהן א טענה, —
פערדינגען קען איך נאָר דיא שעהר,
דיא פען מוז בלייבען מיינע!



# פערקויפט

—— ——

נײט געטרוימט און נײט געזונגען
שוין זײט לאנגע, לאנגע וואָכען.
אך, מײן הערץ ווערט מיר צושפּרונגען!
אך, מײן הערץ ווערט מיר צובראָכען!
פעק מיט שורות מוז איך שמירען
און פערשווארצען מײנע יאהרען
און איך קען ניט מעהר שטאָלצירען
מיט מײן קונסט, — איך בין פערלאָרען!
אײנגעשפּאנט אין פּראָסטען וואָגען
געהט דער כרוב, וואָס פלעגט מיך טראָגען
אין דיא הימלען, וואו עס בליהען
לעבענס שעהנע פאנטאזיען.

ווילדע קרײטער מוז איך זײען
און דיא בלומען מײנע שמאכטען
און איך דארף מיט דאָס זיך פרײען,
וואָס מײן זעעלע מוז פעראכטען.
סענזאציאָנען מוז איך קלעהרען,
צו געפעהלען זשוק און זשאבע. —

ווען, וואָס וועט פון דיכטער ווערען?
וואָס וועט ווערען פון זיין גאבע?
אוים, פערדונגען דיא געפיהלען,
דיא געדאנקען און דער ווילען,
און איך קען מעהר פריי ניט שוועבען
אין דער וועלט פון ליכט און לעבען.

אָ, איך פיהל, איך ווער דערטרונקען
דאָ, אין דיעזער טיעפער בלאָטע!
אָ, איך פיהל, איך ווער פערזונקען
און איך וויין אזש פאר חרטה.
ווען דעם שקלאוו אין סוועטערס העלע:
ביי דער פרעס, ביי דער מאשינע!
וועהער דעם, וואָס מוז זיין זעעלע
צופאסען צום עולם׳ס מינע.
ניין, איך קען דאָ מעהר ניט זיצען
און מיין גייסט אויף נישט פערניצען!
ניין, איך קען ניט מעהר דערביי זיין, —
מיין נשמה, זיא מוז פריי זיין!

# אלץ איינס

ארבייט מיט׳ן כח:
ארבייט מיט דיא הענד,
ארבייט מיט׳ן מח:
ארבייט מיט טאלענט,
נעהען אָדער זינגען,
שירים אָדער שעהר, —
דארפסטו זיך פערדיענגען,
פאלט עס זעהר שווער.

# זשורנאַליזמוס

היינט געשריעבען, היינט געלעזען
און אויף מאָרגען איז עס אלט.
אָ, וויא שווער דיא ארבייט פאלט!
אָ, וויא ווערט מען פאָרט גענעזען
פון דער מיה׳ וואָס האָט קיין ברכה,
פון דער שענדליכער מלאכה?
כאָטש א יאָהר בעפאָר מיין שטארבען,
גאָטט, ניט לאָז דערביי מיך דארבען!

# א חבר

אבלייכער מאן מאכט אויף דיא טיהר
און ציטערט וויא א בלאטט.
מיט כבוד טרעט ער צו צו מיר
און זאָגט: „הערר ליטעראט!

„איהר דארפט דאָך שרייבען סיי וויא סיי
פאר אינט׳רעסירען לייט, —
פערדאמט, איך בעט, דיא שקלאווערייי,
וואָס הערשט אין אונזער צייט.

„איך ארבייט ביי א שלעכטען מאן,
וואָס פאָדערט זעהר פיעל.
ער האלט מיך טאָג און נאַכט אין שפאן
און בלוט איז וואָס ער וויל.

„איך גיב איהם אָפּ מיין גאנצע צייט,
מיין יעדע שעה אין וואָך
און נאָר ער שילט, און נאָר ער שרייט
און נאָר ער פאָדערט נאָך.

„בעשרייבט ניט נאָר דעם יאָך אליין,

בעשרייבט דערצו דיא גויט:
דער לוין איז זעהער, זעהער קליין
און אפטמאהל פעהלט עס ברויט.

„א, זעהט מאזאליעס! קוקט זיך איין!
דיא דלאניעס הארט וויא שטאהל!—
בעשרייבט, בעשרייבט דיא גרויסע פיין,
דיא צרות אהן א צאהל!

„נאר אך, וויא זאל מיין וואונש געשעהן?
וואס העלפט דען מיין געוויין?
וויא קען א מענש וואס פיהרט א פען,
דאס פיהלען און פערשטעהן?"

געענדיגט האט דער בלייכער קנעכט
זיין ביטערען געשריי.
„א, ניין. מיין פריינד, דו אורטהיילסט שלעכט",
האב איך געזאגט מיט וועה.

„מיין צייט ווערט אויך אומזיסט פערוועגדט,
בין אויך ניט קיין מאנארך, —
דו טראגסט מאזאליעס אויף דיא הענד,
איך טראג זיי אויף דיא מארך".

# דער גהעטאָ בוים

אין הארץ פון ניו־יאָרק'ס גהעטטאָ,
אין ענגשאפט און אין קאָך,
דאָרט שטעהט א בוים אָן אלטער
און זיפצעט וועה און אָך.

ער קוקט זיך אום פערוואונדערט
און רעדט אליין צו זיך:
וויא עלענד און פערלאָזען,
וויא אונגליקליך בין איך!

נאָר מוטנע גאסען זעה איך
און הער א מאָדנעם גוואלד, —
וואו זייט איהר אלטע פייגעל?
וואו ביסטו אלטער וואלד?

וואו זייט איהר ווינטלאָך פרישע?
אָ, קומט דערלאַנגט אָ שטיף?
וואו ביסטו ריינער הימעל,
פערקלערט און בלוי, און טיעף?

וואו זייט איהר שטארקע ריעזען?
וואָס יאָגט איהר ניט פארביי
אויף איי'רע פערד דיא פלינקע
מיט מונטר'ע פייפעריי?

אן אנדער צייט געדיינק איך,
געדיינק איך און איך טראכט:
וויא האָט א שטאם פון העלדען
דאָ פריי און העל געלאכט!

וויא האָט דיא זונן געלויכטען,
דיא לערכע זים געטרעלט!
וויא האָבען לוסט און פריידען
בעהערשט א שעהנע וועלט!

דאָך איצטער זעה איך מילבען
זיך טומלען הין און הער, —
נאטור און מענש פערלאָזען...
דאָס לעבען וויסט און לעער....

וואָס טהו איך, אלטער יתום,
אליין אויף דיעזען פלעק?
איך האָב דיא פריינד פערלאָרען,
טאָ נעהמט מיך אויך אוועק!....

אָ, שניידט מיך אָפּ וואָס גיכער!
ניט לאָזט מיך לענגער שטיין
א טרוימענדע מצבה
אויף פרייהייט'ס גראב אליין....

# צו דיא בלומען אין הערבסט

בלומען, לעבענס שעהנסטע קינדער, ערדעס ציערונג,
זונן געקושט, געוועבט פון עטהער און פון שטראהלען,
ליעבעס איינציגע פערטרויטע קאמעראדען!
איהר, וואָס זייט אלס פריהלינגס געסט דאָ איינגעלאדען,—
מיט צופריעדענע נאָר קומט איהר אין בעריהרונג,
פרעמד פערבלייבט איהר דעם, וואָס ווערט אין נויט פערפאלען.

אייער גלאנץ נאָר שמייכעלט צו דיא זאטע ברואים,
וואָס דער מזל האָט בעעהרט מיט טויזענד גליקען:
דעם, וואָס דער לאזורנער הימעל חנפ'עט, גלאַנצט איהם,
קומט איהר חנ'עוודיג נאָך, בלומען, און בעקראנצט איהם;
פרעמדע בלייבט איהר דעם, וואָס באָדט זיך אין ענוים
דאָרטען, וואו דעם לעבענס שווערע לאסטען דריקען.

דאָרט, וואו לוקסוס, חוצפה און געמיינהייט
הייבען דיא מיט עהרליכקייט־געפארבטע פליעגעל
דאָרט, בעזינגען אייך דעם שמייכלער'ס זיסע טענער,
זאטע פרויען פאטשען בראוואָ, זאטע מענער;
דאָרטען גלאנצט איהר אויף דער ברוסט פון פרעכע שיינהייט,
פוצט איהר אויסגעלאסענהייטס געשליפנעם שפיגעל...

דאַרום אַרט מיך יעצט ניט, ווען איך זעה אייך שטאַרבען,
קימערט מיך ניט, ווען איך הער דעם הערבסט־ווינד ברומען.
ניט פיר מיר האָט איהר געבליהט אין ליעבען זומער
ניט צו מיר האָט איהר געשמייכעלט אין מיין קומער,—
סיי וויא סיי פערבלייבען פרעמד מיר אייר'ע פאַרבען, —
וועלקט! כ'האָב פיר אייך קיין טרעהר, איהר שיינע בלומען



# אין טרוים

גאנץ אָפט אויף מיין געלעגער
אין מיטען פון דער נאכט,
ערשיינט פאר מיר דיא וואָרקשאָפּ,
דאָס אלטע וועה ערוואַכט:

א צימער שווארץ און רויכיג,
דיא לופט פערשטיקט און היים,
איך שאַף מיט אלע כוחות, —
פון פנים רינט דער שוויים.

דיא רעדער טומלען, שרעקליך!
דער מייסטער קוקט מיט כעס, —
אין מח רוישט א רעיון
און טרייבט צו משוגעת.

איך קרעכץ און צעהל דיא שטונדען,
וואָס ציהען זיך וויא טעג
און קלער: ווען וועט דאָס ענדען?
ווען קומט דאָס צו א ברעג?

דאָך פלוצלונג פייפט דאָס מיטאָג,
איך זיפץ א שווערען „אך“,
דאָס שרעקענס בילד פערשווינדעט,
איך וויין — און איך ערוואך.

# א נבואה

אזוי וויא איהר קענט דיא געפעהרליכע מויל
פון ווילדען וואולקאן ניט פערמאכען,
ווען פלוצלונג ער קאכט זיך פאנאנדער מיט גרויל
און ווארפט פון זיין גליהענדען ראכען
דיא יאהרענלאנג קלייענדע גלוט מיט א גוואלט,
אזוי וועט איהר אויך ניט פערמאכען
דעם קראטער פון צארען, ביי דעם וואס איהר האלט
פערשקלאפט איצט, ווען ער וועט ערוואכען.

איז שטיל, דאכט זיך, רוהיג, פון אויפרעגונג ווייט
און גיט זיין געדולד אייך צושטייער,
דאך טיעף אין זיין בוזים פערפערטיגט דיא צייט
א גרויסען און שרעקליכען פייער...
און וועה, ווען דער דאזיגער פייער ברעכט אוים!
א, וועה אייך פאר יענע מינוטען,
ווען ענדליך עס וועלען מיט שרעקען ארוים
דיא יאהרענלאנג קלייענדע גלוטען!

אויף אייערע טעמפלען, אויף אייער פאלאסט,

אויף איי'רע סאלאָנען זיך שפרייטען
וועט יענער געוואלטיגער פלאָם, מיט א האסט.
אויף אייערע ווענט מיט דיא קווייטען,
אין בלומענטאָפּ וועט ער פערצערען דיא רויז,
וואָס בליהט אייער ברוסט צו פערציערען
און לאָזען אייך נאקעט, און לאָזען אייך בלויז,
אין שאנדע צום קבר מארשירען.

צושמאָלצען וועט ווערען דער גאָלדענער געץ,
פאר וועלכען איהר קניעט און איהר פלאטערט,
און איהר, אין זיין הייסע און בלוטיגע פעטס....
וועט ווערען צוקאָכט און געפּטר'ט ;
זאָגאר אויף דיא בערג וועט איהר טרעפען דעם בראנד
פערצעהרען דעם שפּיץ פון דיא אייכען —
אומזיסט וועט איהר הויבען צום הימעל דיא האנד,
איהר וועט איהם ניט קענען דערגרייכען !

דען העכער וועט ווערען אין יענעם מאָמענט
דער הימעל, גאָטט וועט זיך ערהויבען
און אָפּקעהרען פון דיא פערבלוטיגטע הענט,
פערשמירטע פון מאָרדען און רויבען.
און איהר וועט דאן בלייבען א רויב צו דעם כעס,
וואָס איהר נאָר אליין האָט געשאפען,
דורך אייער צולאָזענקייט און משוגעת —
אין אייערע עלענדע שקלאפען..

פון מזרח ביז מעריב וועט גרייכען דער פלאם,
פון דרום ביז צפון זיך ציהען, —
ער וועט וויא א וואונדער אריבער דעם ים
און קומען וויא כשוף צופליהען.
עס וועט קיין פערלעגענער ווינקעל ניט זיין,
וואו איהר וועט זיך קענען פערשטעקען,
דען העל וועט עס זיין איבעראל פון א שיין,
וואס וועט אויף אייך ווייזען מיט שרעקען

א, דאן וועט איהר זעהן אייער שרעקליכען סוף,
פון וועלכען איהר ווילט יעצט ניט הערען
דאס וועלט-געריכט וועט אייך בעשטימען דיא שטראף
און איהר וועט ניט קענען זיך וועהרען
איהר וועט, וויא א חלום אין דונקעלער נאכט,
פערשווינדען אין רויך און אין שאטען,
און ענדיגען וועט זיך דיא הערשאפט פון מאכט
געשטיצט אויף דער קראפט פון הארמאטען.



# ירושלים

אגיין, איך קען אין פרעמדע לענדער
ניט בעטלען געהן א היים מיט שאנד, —
נאָך בינדען אלטע ליעבעס־בענדער
מיך פעסט צו מיין געליעבטעם לאנד.

נאָך ווערען פול דיא מיעדע אויגען,
ווען איך דערמאָן מיך אָן אמאָל,
ווען איך האָב זיסע רוה געזויגען
און ניט געהערט דעם טרייבערס קול.

ווען איך האָב ניט געקענט דעם האסער
און האָב דעם עלענד ניט געפיהלט,
ווען איך האָב ביי דעם ירדן'ס וואסער
געשטיפט, געזונגען און געשפיעלט.

ווען איך האָב מיינע שאָף געפיטערט,
און נעבען מיר האָט זיס און פרום
אין הייסער ליעבע שטיל געציטערט
ירושלים'ס שעהנסטע בלום.

נאָך ווערט דיא ברוסט מיר פול מיט פריידען,
ווען איך געדענק דיא אַלטע צייט, —
מיר דאַכט, איך הער דיא טוידטע ריידען
צו מיר פון וויט, פון זעהר וויט.

מיר דאַכט איך הער בעקאַנטע שטימען
מיך רופען: „קום אהיים צוריק!"
און טיעף אין הערץ פאנגט אָן צו גלימען
א האָפנונג אויף א נייעם גליק.

מיר דאכט, איך זעה דעם כרמל וויעדער,
דעם שרון גרינען פון דאָס ניי.
עס שמעקט דיא לופט עם קלינגען ליעדער, —
עס קומט צוריק מיין ערשטער מאַי....

מיר דאכט.... און כל זמן מיר ווער דאכטען,
וועל איך ניט אויסשטעלען מיין האנד
צו דיא, וואָס קענען מיך ניט אַכטען,
און בעטען זיי א היים מיט שאנד.

אָ, ניין, איך קען אין פרעמדע לענדער
ניט אומגעהן זוכען א בעשטאנד,
נאָך בינדען אלטע ליעבעס בענדער
מיך פעסט צו מיין געליעבטעם לאנד.

# אין זיין האנד

בעקימערט און צוטראָגען בלייב איך שטעהען,
וואו אללע וועגען טהיילען זיך פאַנאַנדער
פון אויבען הער איך שרייט אַ שטימע: „וואַנדער!“
דאָך, גרויסער גאָט, איך ווייס ניט וואו צו געהען!

איך ווייס ניט וועלכער וועג עס פיהרט מיך דאָרט,
וואו ס'וועט דיא זונן מיר ענדליך העל ערשיינען,
וואו מיינע אמת'ע געטרייע זיינען,
און וואו עס ווארט אויף מיר א פריעדליך אָרט.

עס ציהען פאר מיין פייכטען בליק זיך לאנג
און ברייט, און וויט אוועק דיא גראָהע פעלדער
פערליערענדיג זיך אין דיא טיעפע וועלדער, —
דיא וועגען ווייזען אויף א וויטען גאנג.

עס קלאפט דאָס הערץ פאר אויפרעגונג און שרעק,
פאר גרויל און צווייפעל געהען אוים דיא קרעפטען,
דיא מיעדע פים צום קאלטען באָדען העפטען,
נאָר דיא געדאַנקען שוועבען וויט אוועק.

דאָך „וואַנדער", „וואַנדער" שרייט עס נאָכאנאנד
און ווידער נעהמען מיינע פיס זיך ריהרען,
איך געה! צו טרעפען אָדער צו פעראירען —
איך גיב מיך איבער, גאָט, צו דיר אין האנד.

האָסט דורכגעפיהרט דעם ים מיך ביז א ברעג,
דעם מדבר וואו עס וואקסען ניט קיין גראָזען,
דו וועסט מיך ווייטער אויך ניט אירען לאָזען
און מיך בעשיצען אויף מיין ווייטען וועג

איך פאָלג דיך, מיין געביטער און מיין הארר:
איך געה, ווייל איך קען לענגער שטעהן ניט בלייבען,
דוא וועסט געוויס מיך ניט אין אונגליק טרייבען,
ניט לענקען מיינע טריט מיר צו געפאהר.

און בלייבענדיג צו דיר, מיין גאָטט, געטריי,
נעהם איך מיט מוטה מיין אַלטען וואנדער שטעקען
און מעגען שטרויכלונגען מיין יעדען טריט בעדעקען—
מיין ז י י ן האָסטו געזיכערט סיי וויא סיי.



# א גלות מאַרש

מיט דעם וואַנדערשטאָב אין האַנד,
אָהן א היים און אָהן א לאַנד;
אָהן א גואל, אָהן א פריינד,
אָהן א מאָרגען, אָהן א היינט, —
ניט געדולדעט נאָר געיאָגט,
וואו געגעכטיגט ניט געטאָגט,
אימער וועה, וועה, וועה,
אימער געה, געה, געה,
אימער שפאַן, שפאַן, שפאַן,
כל זמן כח איז פאַראַן.

אונזער גבורה ליעגט אין שטויב,
אונזער תורה איז א רויב,
אונזער נאָמען — א געפאהר.
אונזער יחוס נאָר א צער,
אונזער גאונות נאָר א חטא.
אונזער פיינקייט — א געשפעט.
אימער שלעכט, שלעכט, שלעכט,
אימער קנעכט, קנעכט, קנעכט,

אימער זוך, זוך, זוך,
זעגען אין דעם שונא׳ס פלוך.

און אזוי, א, יאָהר נאָך יאָהר,
און אזוי, א, דור נאָך דור,
אָהן א האָפנונג, אָהן א צוועק,
איינגעהילט אין גרויל און שרעק,
וואַנדלען מיר ווילד אוים, ווילד איין
פון יסורים נאָר צו פיין.
אימער טרעט, טרעט, טרעט,
אימער בעט, בעט, בעט,
אימער נויט, נויט, נויט,
און קיין גליק זאָגאר צום טויט....



# שבת חזון

דער „שבת חזון“ האָט געבראַכט
צוריק דעם פּערגעסענעם חלום.
דער חזן זינגט טרויע'ריג און זאָכט
דעם אומ'טיגען „בּואי בשלום“.

דער רב שאָקעלט שטיל מיט'ן קאָפּ,
דעם עולם בעפאַלט אַזאַ בּיינקען.
דער חורבּן דער אַלטער לעבּט אָפּ
און פאַנגט זיך אָן ווידער געדיינקען.

דאָס האַרץ זאַפּט זיך אָן און ווערט פול,
דיא אויגען, זיי געהען אריבּער,
עס וויינט דיא נשמה פון שוהל,
און טראָגט זיך אַוועק צו דער ליעבּער.

# א תפילה

אָ, רוכב בערבות!
אים נאָמען פון דיא אבות
ניט לאָז אונז געהן פערלאָרען,
אָ, טהו שוין אָפּ דיין צאָרען
און שיק דיין הילף אַהער!
פון דיינע הימלען קוק שוין,
און שריי אַראָפּ „גענוג שוין,
פערשווינד'ט איהר בעזע זינדער,
צורוה לאָזט מיינע קינדער
און מאַטערט זיי ניט מעהר!"

אָ, יושב בשמים!
בעניי ירושלים,
מאַך אָפען איהרע טהירען,
און ברענג אונז דאָרט צו פיהרען,
אין אונזער אַלטע שטאָדט,
אַהין איז וואו מיר ציעלען,

אַהיים איז וואָס מיר ווילען,
אַן אָרט זיך אָנצושפּארען
אָהן שרעקענים, אָהן צער'ן,
אָהן דריקענים אָהן שפּאָט.

אָ, אלוה סליחות!
מיר האָבען דיין שליחות
פערריכט און דיינע לעהרען
געטראָגען, ליכט צו מעהרען, —
בעטראַכט דאָך אונזער שטאַנד!
בעוויין אונז דיין רחמנות:
בעפריי אונז פון סכנות,
פערהיט אונז פון פערדארבען
און לאָז אונז ענדליך אַרבען
דיין לאַנד, דיין זיסע לאַנד.



# אברהם׳לע

אברהם׳עלע, מיין זוניונו, פאָלג נאָר דיין טאַטען!
איך וועל דיר פערגעבען דיין חטא.
עס וועט דיר חלילה קיין בעז מעהר ניט שאַדען,
איך האָב שוין דערהערט דיין געבעט.
זיי וויסען, מיין קינד, אז איך ברעך ניט מיין וואָרט,
אין מיר נור געפינסטו דיין גליק.
יאָ, אמת, איך האָב דיך פעריאָגט פון דיין אָרט
דאָך איך וועל דיך ברייננען צוריק.

נאָר, אידוניו מיין,
אַ מענש זאָלסטו זיין!
דו עלענד, שוואך לעמעלע!
דאָן היט איך אליין
דיין קומען, דיין געהן,
וואויל איז דיר, אברהם׳עלע!

עס האָבען דיא אומות בעהאַנדעלט דיך מיאוס,
האָסט נעבאך געליטען אָהן שיעור,
דרום האָב איך אין הימעל דערהערט דיינע בכיות,
דיין זיפץ איז געקומען פאַר מיר.

יעטצט וועל איך מיך רעכענען שטרענג מיט דיא לייט,
וואס האבען פערפאלגט דיך אהן צאהל
און דיר וועט דיין יוגענד נאך ווערען בענייט,
וועסט אויפבליהען פונקט וויא א מאהל.
נאר אידוניו מיין,
א מענש זאלסטו זיין!
דו, עלענד, שוואך לעמעלע!
דאן היט איך אליין
דיין קומען, דיין געהן,
וואויל איז דיר, אברהם'עלע!

נישט גלויב ווען מען זאגט דיר דיין גאט איז געשטארבען
דו האסט נאר וויא אימער און שטרעב!
דו וועסט ניט פערבלייבען דעם שונא'ם א קרבן,
איך שווער עס: זא וואהר וויא איך לעב!
האסט כפל כפלים געהאט פיר דיין זינד,
געליטען פון היץ און פון קעלט,
דאך יעצט זאלסטו גליקליך זיין ווידער, מיין קינד,
צוריק אין דיין היים, אין דיין וועלט.
נאר אידוניו מיין,
א מענש זאלסטו זיין!
דו, עלענד, שוואך לעמעלע!
דאן היט איך אליין
דיין קומען, דיין געהן,
וואויל איז דיר, אברהם'עלע!

# אַ נבואה

אִיך הער אַ שטים וויא פון אַ טהראָן
בּעפעהלענדיג מיר שאַרף:
„שטעה אויף געשווינד, און קלייד דיך אָן,
און נעהם אין האנד דיין האַרף!

„זאל דיעזע שווארצקייט פון דער נאכט
נישט טוידטען דיין געפיהל,
עס שלאפט מיין פאלק, דאָך עס ערוואכט, —
שפּיעל אויף אַ וועק-ליעד, שפּיעל!

„שפּיעל אויף דעם ליעד וואָס איך בעפעהל,
און זאָג אָן נאהנט און ווייט,
אַז באַלד ווערט טאָג, און עס ווערט העל,
עס קומט א שעהנע צייט.

„איך ברענג צוריק דאָס אַלטע גליק,
און מאַך אַ סוף צו גוואַלט.
איך קום און פליק אין טויזענד שטיק
דיא קייט פון גלות באַלד.

„דיא מאָס איז פול, דען אָהן אַ גבול

איז שוין דער גרויסער קלאָג;
דערפאַר אין זבול דאָרט, ביי מיין שטול
בעשטים איך איצט דעם טאָג".

און איך שטעה אויף, אַ נייער מוטה
בעהערשט מיין גאַנצעם הערץ,
אַ פרישקייט, פיהל איך, טרייבט מיין בלוט,
עס ווייכט דער אַלטער שמערץ.

די זעעלע קוועלט פאַר לויטער פרייד,
דער גוף איז מעהר ניט שוואך. —
וויא עהרליך זיינען גאָטעס רייד!
וויא קרעפטיגט מיר זיין שפּראַך!

איך שפּיעל, איך זינג דעם נייעם שיר,
דעם סוף פון אַלטען פּיין —
וויא וואויל, וויא וואויל, וויא וואויל איז מיר,
דיין זינגער, גאָט, צו זיין!

## גאָטט'ס ליעד.

שטעהט אויף, שטעהט אויף פון שלאָף, ערוואַכט
אין מזרח-זייט, איהר זעהט?
בּרעכט אָן דער טאָג אין פולען פּראַכט,
עס שווינד'ט דיא שרעק, עס ווייכט דיא נאַכט,
און גאָט דער גוטער רעד'ט:

שטעהט אויף, שטעהט אויף, אַ נייער גלאַנץ
בעקרוינט דיא אַלטע שטעדט.
דיא שטומע חורבות ווערען גאַנץ,
און ציון פלעכט אַ פרישען קראַנץ.
און גאָט דער גוטער רעדט:

שטעהט אויף, שטעהט אויף, אַ לינדער ווינד
דעם בארג מוריה גלעט.
גענוג געוועזען טויב און בלינד,
אַ לעבען פאַנגט זיך אָן, געשווינד!
דען גאָט דער גוטער רעד'ט.

גענוג מיט טרעהרען זיך געשווענקט
אין אַ פערשאָלטנע בעט,
איצט הויבט זיך אויף, דיא מאמע בענקט,
דער טאַטע זאגט: „איך האָב געשענקט
דעם אלטען, שווערען חטא".

# אונזער שיף

פ יעלע שיפען געהען אונטער
און דערגרייכען ניט דעם ברעג,
אונזער שיף געהט שטאָלץ און זיכער,
האָטש געפעהרליך איז איהר וועג.
זיא לאַכט אוים דיא גרעסטע שטורעמס,
און דיא ימים ווילד און טיעף,
אונזער שיף איז פעסט און אייביג;
אונזער שיף, דיא שטאַרקע שיף.

אַ, עס האָט אויף אַלע ימים
אונזער שיף זיך שוין געגליצט:
אויף דעם רויטהען, אויף דעם טויטען,
אויף דעם שוואַרצען פאָהרט זיא איצט.
יעדע וועלע האט געפאטשט איהר
און געטהאָן מיט איהר א שטיף,
דאָך זיא געהט בשלום ווייטער,
אונזער שיף, דיא אַלטע שיף.

ניט קיין קריעג-שיף איז זיא, ברידער,
ניט קיין פאַנציר-שיף, אַ, ניין!

דאָך אַנטקעגען גרעסטען פייער
קען זיא פריי און זיכער געהן.
פרעגט ניט וויא, עס איז אונמעגליך
זיך צו מאַכען אַ בעגריעף —
אונזער שיף איז איין־און־איינציג,
אונזער שיף, דיא שטילע שיף.

דאָך ניט וואונדערט וואס פיר איהר איז
קיין סכנות ניט פאַראַן ;
אַ געניטער און געשיקטער
איז איהר אלטער קאַפּיטאַן.
אַ, ער קען אַ יעדעס וואַסער
מיט'ן נאָמען יעדען טריף!
ער איז מייסטער אויף דיא ימים,
קאַפּיטאַן אויף אונזער שיף.

און עס וועט שוין לאנג ניט נעהמען,
און ער ברייגגט זיא אויף אַנ'אָרט,
דען שוין יאָהרען, לאנגע יאהרען,
וויא זיא פאָהרט נאָר און זיא פאָהרט.
איצט, אָ, ענדיגט זיך דאָס וואסער
און דעם שטורמס ווילדער שטיף,
און עס רוהט אויך ענדליך, ענדליך
אונזער אלטע וואנדער־שיף.

# ספירה

איך וואָלט דאכט זיך ווועלן יעצט בעטען מיין לירע
זיא זאָל עטוואָס לאכען. עס געהט אָבער ניט
יא, ברידערלאך, ערשטענס איז יעצט ביי אונז ספירה,
און סתם עפּעס, זאָגט מיר, וויא לאכט עס א איד?

„אָי, טאַטע, דו לאכט? ס'איז א קלאָג צום געלעכטער!"
אין אידישע פרייד איז דען דאָ עפּעס רעכטס?
דער אידישער לאַך איז דען עפּעס א רעכטער?
א מיש־מאַש דאָך נאָר פון א זיפץ מיט א קרעכץ!

א שפּאַס האָט א טעם גאָר דאָס אידישע לעבען!
אַ שפּאַס האָט דער אידישער מזל אַ חן!
אין הימעל דיא זילבערנע וואָלקענדלאַך שוועבען,
אין פעלד איז אַ חיות, דו — זיין נאָר און ווייז.

דער וואלד איז געווירציג, און גרין איז דער גאָרטען,
אין פריהלינג דער ווינטעל—וויא פריש און וויא קיהל!
וואָס ארט עס דיך אידעל, וואָס ארט עס דיך דאָרטען?
ביי דיר איז דאָך ספירה, דו זיפץ אין דער שטיל!

דער ליעבליכער זומער, דער טרייסטונג פון לעבען,

ער לויפט נאָר אין זיפצען, אין קרעכצען פערביי,
וואָס קען ער דעם איד פיר א האָפנונגען געבען ?
א איד'ן — וואָס טרייסט איהם א זומער, א מאי ?

א בעטלער, וואָס האָט ניט קיין פלאַטץ וואו צו ליגען,
וואָס יעדווידער ווארפט זיך מיט איהם נאָר ארום.
נו, איז עפּעס שייך פיר איהם פערגעניגען,
א גאָרטען מיט בשמים, א בוים, צי א בלום ?

און כלומרשט דער איד ווען ער זינגט זיך פאנאנדער,
איז מיינט איהר, א פרעהליכקייט דאָ אין זיין ליעד ?
איך הער אין זיין נגון—נאָר : „וואַנדער און וואַנדער !"
אין יעדווידער נאָטע דערקען איך דעם איד.

דעם אידישען ליעד, ווען עס זאָל נאָר דערהערען
אָן אמת'ער מבין, וואָס וויים פון געזאַנג,
דאַן מוז ער ניט ווילענדיג גיסען מיט טרערען,
און ווערען ערציטערט פון יעדווידער קלאַנג.

א ציטריגע תקיעה, א תרועה, א שברים,
אָ, דאָס איז אַצינדער דער אידישער גוסט !
א גוסט, וואָס ערוועקט נאָר געפיהלען צו קברים,
א גוסט, וואָס צושמעטערט א שטאָהלענע ברוסט.

א תפילה לעני, א יעלה, א קינה,
אָט דאָס איז דיא אידישע זיסטע מוזיק ;
זייט דאָרט, אין זיין הייליגע בשמים־מדינה,
פערשטערט איז געוואָרען זיין פרייד און זיין גליק.

אָ, זייט אין זיין טעמפּעל צושמעטערט, צוריבען
זיין פיינד האָט דיא זיסע כלי־זמר, איז נאָר
דעם אידען דער קלעגליכער שופר געבליבען
אויף וועלכען ער בליפעט נאָר איינמאָל אין יאָהר.

פון צימבלען, פון פּויקען, פון הארפען, פון פידלען,
פון אָרגלען, קלארנעטען, פּאפּיאָל און גיטאַר,
איז מעהר ניט געבליעבען דעם אָרימען אידלען
דער פינסטערער שופר צוטריקענט און דאר.

און וואָס ער זאָל זינגען און וויא ער זאָל לאכען,
און וויא ער זאָל שפּיעלען גאָר פרעהלעכדיג זים,
דערהערט מען אין ליעד זיינעם פלוצלונג ערוואכען
א „תפילה לעני" ; דאָס הערץ גיט א רים !

איך וואָלט, דאכט זיך, וועלען יעצט בעטען מיין לירע,
זיא זאָל עטוואָס לאכען, עס געהט אָבער ניט !
יא, ברידערלאך, ערשטענס איז יעצט ביי אונז ספירה,
היינט סתם עפּעס, זאָגט מיר, וויא לאַכט עס א איד ?

# דער אידישער מאַי

ווידער איז דער מאי געקומען,
מיט זיין צויבער, מיט זיין פּראכט,—
אלע גראָזען, אלע בלומען
האָבען ווידער אויפגעוואכט.
ווידער בליהט עס אויף דיא פעלדער,
ווידער גרינט עס אין דיא וועלדער,
ווידער גלאנצט עס איבעראל,
ווידער זינגט דיא נאכטיגאל.

ווידער נעהמט דער פריהלינג מאָהלען
מיט זיין פּינזעל; וויא ער שמירט,
ווערען בערגער, ווערען טהאָלען,
ווערט דיא ערד מיט גרין פּארציערט.
ווידער לאכט דיא זונן ארונטער
צו דער וועלט און מאכט איהר מונטער:
מיט איהר שמייכעל, מיט איהר קוס
מאכט זיא גרייט איהר צום גענוס....

גלייך פאַנגט אָן צו גרינען, בליהען
יעדער מענשליכער געפיהל;
וואונדערשענע פאַנטאַזיען
ציהען דורכ'ן הערצען שטיל;
גאָלדענע חלומות שוועבען
און זיי וועבען
נייע הימלען,
און זיי וועקען
נייעם לעבען,
און עם קלעקען
טויזענד גליקען,
יעדע זעעלע צו ערקוויקען.

---

דאָך איהר זעהט דאָרט איינעם טרעטען
קוקענדיג צו דר'ערד אראָפּ?
אויף דיא גרינע מאַי טאַפּעטען
זיפצט ער שאָקלענדיג דעם קאָפּ.

איינזאם מיט זיין שווערען קומער
געהט ער, אָבגעלעבט און מיד, —
זיין געשמאַקער מאַי, זיין זומער
האָבען לאנג שוין, לאנג פארבליהט!

ווייסט איהר, קענט איהר יענעם קראַנקען,
וועלכער געהט וואו אלעם בליהט,

מיט א שרעקליכען געדאנקען
און א שטירמישען געמיט?
אונזער אלטער, אונזער איד!
קיינע זיסע פאנטאזיען
און קיין האָפנונג אין זיין בליק:
דורך זיין הערצען
ציהען שמערצען,
אלטע וואונדען
צוגעבונדען
מיט עראינערונגען אלטע, —
מתים, מתים, טרופּעס קאלטע,
אלטע יוגענד, אלטעס גליק.

יעדער בלום און יעדער דאָרן
טרייבט מיט איהם א ווילדען שפּאס:
דער סטאַבון קוקט אָן מיט צאָרען
און דיא קראָע שרייט מיט כעס.
פרעמד דיא בלומען, פרעמד דיא בלעטער,
פרעמד דיא וועלט, א פרעמדער מאַי!
פרעמדע פייגעל, פרעמדע געטער,
פרעמדע מענשען — אלס פארביי!....

---

לאכט ניט בלומען, נאָר ניט שפּעטען!
איהר זייט שעהן, — געוויס, געוויס!
דאָך פיעל שענערע צוטרעטען

האָט דער איד מיט זיינע פיס....
פעלדער פול מיט פאָמעראַנצען
האָבען אין זיין לאנד געגלאנצט,
זיינע וואונדערשענע פפלאנצען
האָט זיין גאָט אליין פאַרפלאָנצט......

פרעגט דיא צעדרען פון לבנון,
פרעגט דעם שרון'ס גרינע מירט.
אָ, זיי וועלען נאָך דערקאָנען
זייער אָבגעלעבטען ווירט.
פרעגט דעם שענעם הר־הזיתים,
פרעגט דעם כרמל. — יעדען בוים, —
פרעגט דיא אלע שענע מתים
אויף דעם שעהנעם אלטען טרוים....

אין זיין הייליגער מדינה
האָט גן־עדן־לופט געשמעקט,
אין זיין טעמפעל האָט דיא שכינה
שטענדיג זיך צו איהם ענטפלעקט.
טויזענד ענגעל פלעגען שפילען
אין זיין הייליגען געצעלט.
טויזענד פריידען פלעגט ער פיהלען,
פריידען פון אן אנדער וועלט.

דאָרטען האָט אמאָל דער אידעל

פון אַ וואונדער־רייכע פידעל
אויסגעקושט דיא שעהנסטע ליעדער,
וועלכע קלינגען קיין מאָל ווידער
מיט דעם זעלבען זיסען צויבער, —
ריין און הייליג, ריין און זויבער, —
אויף אַ ווערבע, אויף אַ שטומע,
הענגט דער חלום פון מיין אומה....

---

יאָ, אַוועק איז יענער חלום,
דאָך דיר חלום'ט פון דאָס ניי —
הערסטו איד? פון וויטענס „שלום!“
רופט צו דיר אַ נייער מאַי.
וויין ניט, ביסט נאָך ניט פערלאָרען,
חאָטש דו ביסט פון ליידען מיד,
נייע יאָהרען, גוטע יאָהרען
ווינקען שוין צו דיר, מיין איד!
הערסטו דורך דיא וואָלקען ציהען
הימעלרייכע מעלאָדיען,
זיסע כרובים־הארמאָניען?
הערסטו, הערסט דעם נייעם ליעד?

ווידער וועט דיין אתרוג שמעקען,
גלאנצען וועט דיין אפעלצין;
ווידער וועט זיך גאָטט ערוועקען
און וועט ברייגגען דיך אהין....

זינגען וועסטו הירטענליעדער
פאשענדיג נאָך דיינע שאָף;
לעבען וועסטו לעבען ווידער,
לעבען אייביג אָהן א סוף.
נאָך דיין שרעקליכער נסיעה
וועסטו אטהעמען מיט לוסט, —
אין דעם שטומען באַרג מוריה
קלאפט עס נאָך א העלדענברוסט...

קיינער וועט דיך מעהר ניט טרייבען
מיט זלזולים אָהן א צאָל;
אין דער היים וועסטו פארבלייבען,
שטיל און רוהיג וויא א מאָל.
טרעט פאַנאַנדער נאָר דיא שטעשקע
פון דיין אלטען פאטערלאנד,
ס'גליהט נאָך דאָרט איין האלאוועשקע
ביי דער איינגעפאל'נער וואנד!....



# אויפ'ן בוזים פון ים

דער שרעקליכער ווינד, דער געפעהרליכער שטורם,
ער ראנגעלט זיך דארט מיט א שיף אויפ'ן מעער,
ער וויל זיא צוברעכען, און זיא מיט יסורים
שניידט דורך אללע טיעפענים, קרעכצענדיג שווער.

עס טרעשטשעט דער מאסט-בוים, דער זעגעל, ער ציטערט,
דער רוישענדער וואסער איז מורא'דיג טיעף ;—
עס קעמפפען מיט צארען, עס שטרייטען פערביטערט,
אויף טויט און אויף לעבען דער ווינד מיט דער שיף.

אט מוז זיא זיך לייגען, אט מוז זיא זיך שטעלען,
אט טרייבט עס צוריק איהר, אט טרייבט עס פאראוס,—
א שפילכעל איז איצטער דיא שיף ביי דיא וועללען,
זיי שלינגען זיא איין—און זיי שפייען זיא אויס.

עס ליארמט דער ים, און עס הויבען זיך כוואליעס ;
עס הוזשעט, עס פילדערט מיט שרעק און מיט גרויל;—
דער שטורעם, דער גזלן, וויל אומברענגען אללעס,
דער תהום עפענט אויף זיין פערשלאסענע מויל.

עס הערען זיך זיפצען, עס הערט זיך איין בעטען,
ס'איז גרויס דיא סכנה, ס'איז שרעקליך דיא נויט,

און יעדערער בעט ביי זיין גאָט ער זאָל רעטען,
בעפרייען דיא מענשען פון זיכערען טויט.

דאָס וויינען דיא קינדער, עס קלאָגען דיא ווייבער,
מען שרייט און מען איז זיך מתודה אצינד.
עס פלאַטערען זעעלען, עס ציטטערען לייבער
פאר שרעק פאר דעם בעזען, פערניכטענדען ווינד.

דאָך אונטען, אין צווישען־דעק, זיצען צוויי מענער
גאַנץ רוהיג, זיי ריהרט ניט דער מינדעסטער וועה;
זיי זוכען קיין רעטונג, זיי קלעהרען קיין פלענער,
וויא אלץ וואָלט זיין זיכער און שטיל ארום זיי.

עס ליאַרעמט דאָס וואסער, דיא וועלען זיי שוימען,
עס וואויעט, עס מיאָועט משונה דער ווינד;
עס סאָפּעט דער קעסעל, עס הוזשעט דער קוימען;
דאָך אונטען דיא צוויי זעהט זיי שווייגען אצינד.

זיי קוקען מיט קאַלטקייט דעם טויט אין דיא אויגען,
זיי ריהרט ניט דעם שטורעמס געפעהרליכע מאַכט,
עס שיינט אַז דער טויט האָט אַליין נאָר ערצויגען
זייביידען אין שרעק און אין פינסטערע נאַכט.

„ווער זייט איהר אונגליקליכע, — לאָזט עס דאָך הערען,—
וואָס קענען פערשווייגען דיא גוואַלדיגסטע נויט,
וואָס האָבען קיין זיפצען, און האָבען קיין טרעהרען,
אפילו ביים שרעקליכען טויער פון טויט?

„זאָגט, האָבען אייך טאקע נאָר קברים געבאָרען?
איהר לאָזט גאָר קיין עלטערן, ווייב אָדער קינד,
צו וויינען אויף אייך ווען איהר ווערט דאָ פערלאָרען
אין טיעפען, אין שרעקליכען אבגרונד אצינד?

„וויא? לאָזט איהר גיט קיינעם, וואָס איהם זאָל פערדריסען,
וואָס ער זאָל ווען ביינקען, צו לאָזען א טרעהר,
ווען אייך וועט דער נאסער בית־עולם פערגיסען,
ווען איהר וועט דאָ קיין מאָל צוריק קעהרען מעהר?

„וויא? האָט איהר קיין פאטערלאנד גאָר, קיין מדינה,
קיין היים וואו צו קומען קיין פריינדליכע שטוב,
וואָס איהר האָט באהאלטען אין זיך אזא שנאה
צום לעבען און וואַרט אויף דער פינסטערע גרוב?

„איהר האָט גאָר ניט קיינעם אין הימעל דאָרט אויבען,
צו וועמען צו שרייען ווען איהר זייט אין צער?
איהר האָט גאָר קיין פאָלק ניט, איהר האָט גאָר קיין גלויבען?
פערלאָרענע, וואָס איז מיט אייך פאר א גזר?"

עס גענעצט דער אבגרונט, עס ברויזען דיא אינדען,
עס קראכען דיא לייטערס פון שיף און עס טראָגט,
עס הוליעט דער שטורעם עס פייפען דיא ווינדען,
און איינער האָט ענדליך מיט טרעהרען געזאָגט:

„דער שווארצער בית־עולם איז ניט אונזער מוטער
עס איז אונזער וויעג ניט דער קבר געוועזן; —

עס האָט אונז געבאָרען אַ מלאך אַ גוטער,
א טהייערע מוטער מיט ליעבע פערזעהן.

„עס האָט אונז געפּיעסטעט א מאמע, ערצויגען
א צערטליכע, ווארעמע, פריינדליכע ברוסט;
געקיכעלט און שטענדיג געקוקט אין דיא אויגען
האָט אונז אויך א פאָטער און ליעבליך געקוסט.

„מיר האָבען א הויז, נאָר מען האָט עס צובראָכען,
און אונזערע הייליגסטע זאכען פערברענט,
דיא ליעבסטע און בעסטע פערוואנדעלט אין קנאָכען,
דיא לעצטע פעריאָגט מיט געבונדענע הענט.

„מען קען אונזער לאנד, אָ, זיא לאָזט זיך דערקענען;
דורך יאָגען דורך שלאָגען ניט ווערענדיג מיד,
דורך ווילדע פּאָגראָמען, דורך ברעכען דורך ברענען,
דורך זוכען דעם טויט פיר דעם עלענדען איד.

„און מיר זיינען אידען, פערוואָגעלטע אידען,
אָהן פריינד און אָהן פריידען, אָהן האָפנונג אויף גליק.—
ניט פרעגט מעהר, אָ, פרעגט ניט, אָ, זעהט, לאָזט צופרידען!
אמעריקא טרייבט אונז נאָך רוסלאנד צוריק.

„נאָך רוסלאנד פון וואנען מיר זיינען אנטלאָפען,
נאָך רוסלאנד, דערפאר וואָס מיר האָבען קיין געלד;
אויף וואָס בלייבט אונז איצטער צו ווארטען, צו האָפען?
וואָס טויג אונז דאָס לעבען, דיא פינסטערע וועלט?

„איהר האָט וואָס צו וויינען, איהר האָט וואָס צו ברומען,
איהר האָט וואָס צו שרעקען זיך איצט פאר דעם טויט,
איהר האָט געוויס אלע אהיים, וואו צו קומען
און פאָהרט פון אמעריקא אויך ניט אויס נויט.

„דאָך מיר זיינען עלענדע, גלייך צו דיא שטיינער;
דיא ערד איז צו שלעכט אונז צו שענקען איין אָרט—
מיר פאָהרען, דאָך ליידער עס ווארט אויף אונז קיינער,
ערקלערט מיר, איך בעט אייך, וואו רייזען מיר פאָרט!

„זאָל שטורמען דער ווינד, זאָל ער ברומען מיט צאָרען,
זאָל זידען זאָל קאָכען, זאָל רוישען דער גרונט!
דען סאַיי וויא סאַיי זיינען מיר אידען פערלאָרען,
דער ים נאָר פערלעשט אונזער ברענענדע וואונד....״



# דאָס בּיינקען

וואו איך זאָל זוכען גערן, רוהע און גליק,
אימער אין ציון פערבּלאָנדזשעט מיין בּליק.
אימער אַהין, נאָך דעם הייליגען לאַנד
צייגט מיר דעם וועג אַ פערבּאָרגענע האַנד.
אימער אַהין צייגט זיא, אימער אַהין,
דאָרט, וואו דיא פּאַלמע דיא שלאַנקע איז גרין;
דאָרט, וואו דער צעדער זיין שאָטען צושפּרייט:
דאָרט, וואו דער אָראַנזש מיט גאָלד איז בּעגייט;
דאָרט, וואו דיא זונן שיינט מיט דאָפּעלטען פּראַכט;
דאָרט, וואו דער הימעל דער לויטערער לאַכט —
דאָרט, אַהין ציהט עס מיך, דאָרט נאָר אַהין,
דאָרט נאָך מיין ציון, אָט וואו נאָר איך בּין!

אָפּט ווען דאָס הערץ וויל מיר בּרעכען פאַר ווערט,
שונאים פערפאָלגען מיך וואו נאָר איך גערט,
טויזענדע שרעקען פערווירען מיין זינן,
טראָגט אַ געדאַנק מיך נאָך ציון אַהין.
דאָרט טרוים איך איבּער מיין טרוים פון דאָס נאַי,
דאָרט גערט איך ווידער מיין יוגענד פערבּאַי;
דאָרט זערט איך נאָך איין מאָל בּליהען מיין פעלד,

טרוימען מיין נביא און קעמפפען מיין העלד.
דאָרט זעה איך ווידער מיין היים וויא זיא לעבט;
אויך ווען דער צויבער דער זיסער פערשוועבט.
דאָרט אהין ציהט עס מיך, דאָרט נאָר אהין,
דאָרט נאָך מיין ציון, אָט וואו נאָר איך בין!

דאָרטען נאָך ציון נאָר גאַר איך און שטרעב,
דאָרטען נאָך ציון זאָלאנג וויא איך לעב,
דאָרטען נאָך ציון דיא הייליגע שטאָדט,
וואו איך האָב רוהיג געוואוינט מיט מיין גאָטט,
וואו מיך האָט ליעבליך דער שיקזאַל געגלעט,
דאָרטען וואו איך האָב מיין שפראַכע גערעדט;
דאָרט וואו דיא זיסע מוזיק פון מיין כאָהר
פלעגט מיך בעגייסטערען דריי מאָל אין יאָהר.
דאָרט וואו עס זיצט נאָך און וואַרט ביי מיין טיהר
אימער דיא ליעבע דיא אַלטע אויף מיר —
דאָרט אהין ציהט עס מיך, דאָרט נאָר אהין,
דאָרטען נאָך ציון, אָט וואו נאָר איך בין!

# אַ וואַנדער ליעד

---

עס קלינגט מיין „אַך“
אין „איכה“ שפּראַך,
מיין שמערץ איז וואַך, —
ער שלאָפט ניט איין.
בּיי נאַכט, בּיי טאָג,
עס לעבּט מיין קלאָג,
וואָס איך פערטראָג
איז מעהר וויא פּיין!

מיט נאַסען בּליק
קוק איך צוריק
אויף יענעם גליק,
וואָס איז צו ווייט:
אָ, שעהנעס לאַנד
בּיי'ם ירדן'ס ראַנד!
אָ, שטאַרקע האַנד!
אָ, ליעבּע צייט!

איך בליק אַהין
מיט טריבען זינען,
דאָך אַהן געווין —
א פוסטער אָרט....
אָ, האַרץ און שאַין!
אָ, היימאַטה פיין!
אָ, ציון מיין!
אָ, טויטעס וואָרט!

מוז פרעמד, אַליין,
מיט מיין געוויין
נאָר ווייטער געהן —
ניט פרעגט, וואוהין!
עס בלייבט עגאַל
מיר איבעראַלל,
דער זעלבער פאַל,
אַוואו איך בין!



# קינות

עס זינגט דער איד
זיין איכה־ליעד,
מיט אימער נייע טרעהרען:
„מיין לאַנד איז וויסט,
מיין שם פער׳מיאוסט,—
וואוהין זאָל איך מיך קערען?

„מיין וואָרט איז לעער,
דאָס גילט ניט מעהר,
מיין חקירה איז אַ טויטע,—
איך שלעפּ זיך אום,
אַ פעלקער־מום,
אַן אביון און אַ שוטה.

„איך זיץ אין נאַכט,
און וויין און טראַכט,
און רוף נאָר אָן דעם א י י נ ע ם,
דאָך שטיל אַרום,
דער הימעל־שטום...
איך הער קיין טרייסט פון קיינעם.

„דאָס גיט אַ שיין,
אַ, טאַטע מיין!
דיך מוז מיין צער ערוועקן!
דאָך, עס, אַוואו....
דאָס לייכט נאָר צו
פערגרעסערען דיא שרעקן.

און יעדער וואָך
פערמעהרט מיין בראָך
אין בלוטיגע מדינות.
און יעדער טאָג
פערמעהרט מיין קלאָג
און ברייננט מיר נייע קינות.



# דיא הנוכה ליכט

---

אַ, איהר קליינע ליכטעלאַך!
איהר דערצעהלט געשיכטעלאַך,
מעשה'לאַך אָהן צאַהל,
איהר דערצעהלט פון בלוטיגקייט
בריה'שאַפט און מוטהיגקייט,
וואונדער פון אמאָל.

ווען איך זעה אייך שמינקלענדיג,
קומט אַ חלום פינקלענדיג;
רעדט איין אַלטער טרוים:
„איך, דוא האָסט געקריעגט אמאָל,
איד, דוא האָסט געזיעגט אמאָל"
גאָט, דאָס גלויבט זיך קוים!....

ס'איז ביי דיר אַ טאָלק געוועזן,
ביסט אמאָל אַ פאָלק געוועזן,
האָסט אמאָל רעגיערט:
האָסט אמאָל אַ לאַנד געהאַט,

האסט אמאָל אַ האַנד געהאַט !“
אַך, וויא טיעף דאָס ריהרט !

אָ, איהר קליינע ליכטעלאַך !
אייערע געשיכטעלאַך
וועקען אויף מיין פיין ;
טיעף אין הערץ בעוועגט עס זיך,
און מיט טרעהרען פרעגט עס זיך :
וואָס וועט איטצטער זיין ?....

* * *

ניט אייביג זיינען מיר, וויא היינט,
געווען אַ פאָלק, וואָס קען נאָר קלאָגען ;
מיר האָבען אויך אַמאָל דעם פיינד
געוויזען, דאָס מיר קענען שלאָגען.

מיר האָבען אויך מיט טאַפּפערקייט,
מיט טיגערמוטה, פיר אונזער גלויבען
געוואָרפען זיך אין גרעסטען שטרייט
און הויך דיא פאָהן פון זיעג ערהויבען.

נאָר דורות זיינען זעהר פיעל
אַוועק, פערגאַנגען זיינען יאָהרען, —
מיר זיינען שוואַך געוואָרען, שטיל,
דעם אַלטען ריעזענמוטה פערלאָרען.

פערלאָרען האָבּען מיר דעם מוטה
אין גלות צווישען דיא רשעים
דאָך איז פערערבּט אין אונזער בּלוט
דער פייער פון דיא חשמונאים.

און האָטש עס האָבּען שטאַרקע הענד
מיט דרעשערם אונזער לייבּ געדראָשען;
דאָך יענער אַלטער פייער בּרענט, —
איהם האָט דער בּלוט־ים ניט פערלאָשען.

יאָ, אמת, טיעף איז אונזער פאַל,
מיר זיינען קערפּערליך נאָר פליעגען;
דאָך לעבּט אין אונז איין אידעאַל,
דעם קענט איהר, פעלקער, ניט בּעזיעגען!



# פעלד-מעסטען

פאַראוים געהט דיא אַלטע מינע
אונ פון הינטען פעסיע־צווייטעל,
מינע וויינט אונ זאָגט דיא תחינה,
אונ דיא צווייטע לייגט דעם קנייטעל.

אונ עס קייקלען זיך דיא טרעהרען
שטיל אונ וואַרעם אויף דער תחינה; —
בליפענדיג, נאָר קוים צו הערען,
זאָגט פערקלעהמט דיא אַלטע מינע:

„שטאַרקער האַרר פון אַלע וועלטען!
איך דיין דיענסטמאַיד, שוואַך אונ אָרעם,
מעסט דיא רוהיגע געצעלטען,
דיא צדיקים'ס שטילע קברים.

„אַלע בערגעלאַך דיא שטומע
מעסט איך, גוטער גאָטט, אַצינדער,
וואו עס רוהען דיינע פרומע,
דיינע הייסגעליעבטע קינדער,

„וועלכע זינגען דאָרטען שירה
פאַר דיין שטוהל אין הויכען הימעל,
יעדער איינער פון זיין דירה
דורך זיין אייביג זיסען דרימעל.

„און פון דעם געלייגטען קנייטעל
ווערט מיט פורכטיגקייט און מורא
מאַכען ליכט דיין פעסיע־ צווייטעל,
אום צו לערנען, גאָטט, דיין תורה.

„אום צו בעטען דיך מחילה,
אַז דו זאָלסט שוין פאָרט דערהערען
יעקב׳ס אמת׳דיגע תפילה
און דערזעהן ישראל׳ס טרעהרען!“....



# גאט און דיא כנסת ישראל

ותאמר ציון עזבני ד' ואד' שכחני.
(ישעיה מט. פסוק 14)

רבונו של עולם! שוין הונדערטע יאהר
וויא איך זיטץ און איך ווארט אויף דיין גאולה.
עס ווערען שוין ביסלעכווייז גראה מיינע האָר,
און זאָל עס, חלילה, נאָך נעהמען אַ דור,
דאַן בין איך, פערגעס ניט, קיין בתולה.
דו האָסט מיך פערפיהרט און פערלאָזען אליין
און לעבסט זיך אין הימעל אַ פרייער;
אַ, רייד וואָס דו ווילסט, עס איז זעהר ניט שעהן
אַ, זעהר ניט שעהן, מיין געטרייער!

דו האָסט מיך געבראַכט אַזש פון עבר הנהר
און טריי ביי דיא הימלען געשוואָרען:
„געליעבטע, מיר בלייבען אַן אייביגע פּאָר!"
נון, זעה איך וויא וויט דיינע רייד זיינען וואָהר,
ביסט פלוצלונג גאָר נעלם געוואָרען.
און גלייך האָבען וועלטען געקלונגען מיט דיר:

דו האָסט זיך פערליעבט אין אַ הצופה;
דערהייבען צו אייביגע הייליגקייט א י ה ר,
איהר ז ו ה ן, צו אַ געטליכע שטופע.

יעצט זוך איך שוין מעהר ניט דיין ליעבע, דיא פיין!
נישטאָ מעהר אויף דעם וואָס צו בויען.
איך וויים, דו וועסט הייסען געדולדיג מיר זיין,
דאָך קען דיינע רייד מיר אין הערץ ניט אריין.
איך האָב דיר שוין מורא צו טרויען.
איך וויל ניט מעהר בלייבען אויף שאַנד און געשפעט
צווישען טויזענדע שונאים און דריקער;
קום וואוין מיט מיר שוין, אָדער גיב מיר אַ גט,
זאָנסט רייס איך דיא הימלען אין שטיקער!

און גאָטט דעקט זיך איבער מיט וואָלקען פאַר שאַנד
און דונערט אראָפּ דורך דעם וועטער:
„געליעבטע, מיין טהייערער, שעהנער בריליאַנט,
וואָס רעדסטו פון „גט“, וועל דען ברעכען מיין האַנד,
פערשוועכען מיין שם ביי דיא געטער?
איין ווייליגקע ווארט נאָר, אָט קום איך, איך געה!
וואו קען איך אַ „זוהן“ צי אַ „מאַמען“? —
עס ענדיגט דיין טרויער, עס שווינדעט דיין וועה, —
איך בלייב מיט דיר אייביג צוזאַמען.

„איך האָב דיך פערלאָזען אַ שטיקעלע צייט
און האָב דיך געזוכט צו פּראָבירען,

ווּיא דוּא ווּעסט אין נוּיט, פוּן דיין אייגען לאַנד ווייט,
פערשמאַכטענדיג צווישען פערדאָרבענע לייט
אין שרעקליכען גלוֹת זיך פיהרען.
איך האָב דיך אין יעדער אָרט עלענד געשמידט,
פוּן אוּנגליק צו אוּנגליק געטריבען;
אוּן האָב פוּן דיא הימלען דיין פיהרוּנג געהיט,
דאָך דוּ ביסט מיר עהרליך געבליבען.

„יעצט ברינגט דיך מיין מלאך אַהיים אוּן בעקראַנצט
דיין קאָפּ מיט דיא בלוּמען פוּן שרוֹן.
וואָס דוּא האָסט אין מאַי פוּן דיין יוּגענד געפלאַנצט,
ווען דיר האָט דיא זוּנן פוּן הצלחה געגלאַנצט
אין אַלטע אין גאָלדענע יאָהרען.
כ׳קוּם ווייעדער מיט כלה־מתנות ניט קאַרג,
בעגלייט פוּן אַ כאָר מיט לוּיים,
אוּן בוּי אוּיף דיין שלאָס אוּיף דעם פרעכטיגסטען בּאַרג,
אוּן וועק אוּיף דיא זיסע נביאים.

„איך וועק דעם לבנוֹן דיר אוּיף פוּן דאָס נייַ
אוּן קרוּין זיינע צעדרען אוּן פּאַלמען;
דיא פייגעלעך דיינע, ווּיא ווערען זיי פרייַ,
ווּיא זינגען זיי פליהענדיג דאָרט אין אַ מאַי
צווישען אייביגע בלוּמען פוּן פסאַלמען!
דער כרמל פערציערט זיך, דער חרמון לעבט אָפּ,
אוּן איינער דעם צווייטען גיט שלוֹם;

מוריה הייבט אויף זיין פערטרויערטען קאפ
און מיינט אז ער זעהט עס אין חלום.

„איך צינד אן א נייע, א הייליגע ליכט
אויף ציון, דיין טרייסט, דיין נחמה,
א יוגענד וועט פארבען איהר בלייכעס געזיכט,
א נחת וועט קומען אויף איהר אומגע ריכט.
א ג'זונד אין איהר קראנקע נשמה!
ניט הער וואס עס ריידען דיא שונאים דיר איין.
דאס זיינען פערלארענע ריידעס.
געוועזען בין איך דיינער, און בין, און וועל זיין,
און הימעל און ערד זיינען עדות!“

דיא כנסת ישראל, זיא ענטפערט מיט וועה:
וואס העלפט עס, יעטצט גלויב איך דיר זיכער!
דאך אייל זיך, געליעבטער, א, זעה און פערשטעה,
עס ענדיגט מיין לעבען, איך פיהל איך פערגעה —
א, שיק מיר דיין מלאך וואס גיכער!
און האב איך געזינדיגט פאר דיר מיט דיא רייד,
טא זעה מיינע ביטערע צער'ן!
דאך יעצט וועל איך האלטען פערביסען מיין לייד
און הארען, און הארען, און הארען.

# קידוש לבנה

אין דעם לאַזורנעם לופט־ים שוועבען
דיא זילבער־וואָלקענדלאַך אַרום ;
דיא שטערען פינקלען, שטערען לעבען,
דיא לבנה נאָר איז בלייך און שטום.

עס רוהט דער וואַלד אין טיעפען שוויגען,
דיא בוימער שטעהען שאַ, פערטראַכט, —
קיין ווינטעלע בעוועגט דיא צווייגען,
עס שלאָפט דיא ערד, עס שטומט דיא נאַכט.

נאָר ווייט אין וואַלד און אין סכנה
דער אַלטער שטעהט דאָרט מיט זיין קינד,—
ער איז מחדש דיא לבנה,
ער בעט עס פאַר איהר ליכט אַצינד :

„אָ, גאָטט, איך בעט ביי דיר מיט טרעהרען,
דערהער מיין ציטערדיגען קול :
עס זאָל איהר שיין פערדאָפּעלט ווערען,
זיא זאָל נאָך לייכטען וויא אַמאָל.

„וויא דיין בעגלויבטער האָט געשריעבען :

— דיא גרויסע צווייא און גלייכע ליכט —
זעה, גאַטט, ווי בּלייך זיא איז געבּליבּען,
קוק אַן איהר שטערבּליכעס געזיכט!"

אַ, וויא צוקלינגט זיך עס אין שטילען,
אין טיעפען וואלד, זיין היים געבּעט!
וויא גיסען זיך דאַס דיא געפיהלען!
וויא שווייגט דאַס אַלעס, ווען ער רעדט!

זיין קינד נאַר קוקט, ווער קען ערקלערען,
וואַס אויבּען, אין דעם בּלויען ים
עס גלאַנצען מאַנכע העלע שטערען,
און מאַנכע שמינקלען, שמינקלען קאַם?

דאַס קלוגע קינד בּעטראַכט עס אויבּען
און פרעגט דעם אַלטען ניט געשטערט:
„אַ, זאַג דאָך, פאַטער, מעג מען גלויבּען
אין דעם, וואַס איך האָבּ אָפט געהערט?

„מען זאַגט דעם רייכענס שטערען פינקעלט,
איז אימער העל, איז שטענדיג גרויס,
דעם אַרעמאַנס פערקעהרט, ער דינקעלט,
פערלעשט זיך, לעשט זיך און געהט אויס.

„און זיינען טאַקע דאַ מזלות
אין הימעל? זאַג דאָך, יאַ צו ניין?

בעצייכנען זיי אי רוה, אי גלות,
אי פרייד, אי עלענד, אי געוויין?

„אָ, זעסט דאָרט יענעם קליינעם שטערען?
איז ער ניט אונזער מזל? זאָג!
ווייל שטענדיג ווײנען מיר מיט טרעהרען
און טרויריג איז אונז יעדער טאָג....

„און קען עס זיין, אז ער זאָל גלאנצען
וויא יענע נאָך אין גאָלדנעם פראַכט?
צי לעשט איהם גאָטט דאָרט אוים אין גאנצען
און ווארפט אַרויף אויף איהם דיא נאַכט?“

דער אַלטער קנייטשט זיין הויכען שטערען,
ער קלערט א תירוץ פיר זיין קינד,—
עס קומען זיפצען, קומען טרעהרען,
דאָך ווערטער ניט אזוי געשווינד....



# שולמית

אדער

דיא גאָלדענע ליעבע פון שיר השירים.

(פּאָעמא)

אויף אַ גרינבעגראָזטע וויזע,
ביי אַ זילבער־קלאָרע טייכעל,
רונד בעפּוצט מיט יונגע פּאלמען
איבער זיי דיא גאָלד'נע זונן —

זיצט דעם מזרח'ס שעהנסטע טאָכטער,
ביי דעם קעניג'ס רייכסטע סטאָדע ;
זיצט שולמית, די פּאסטושקע,
ביי דיא שעהנע, ליעבע שאָף.

קוים מאכט אויף דער פרישער מאָרגען
זיינע גאָלד'נע, זיסע ברעמען
אויף דיא פעלדער גרין און טויהיג,
ווערט בעגריסט ער פון איהר בליק.

און דער אויפגעוועקטער הימעל
צינד'ט זיך אָן וויא פלאַקריג פייער

פון איהר שעהנהייט—און פאַר ליעבע
ווערט דער טאָג צוגליהט און היים.

און דער יונגער, גרינער וואַלד כאַפּט
פלוצלונג אויף זיך אַ פערליעבטער
און ער פרעגט דורך טויזענד פויגעל,
אויב נאָך שעהנערס איז פאַראן.

און דער גאַנצער גאָלד'נער מזרח
ענטפערט „ניין" איהם, און די הויכע
שטאָלצע פּאַלמען זאָגען „ניין" איהם,
„ניין", זאָגט דיא נאַטור אליין.

איהר צו מאָלען איז אַ פּריפונג,
איהר צו שילדערן, —אונמעגליך!
וועלכער פּינזעל! וועלכע פעדער!
וועלכער קינסטלער! וועלכע קונסט!

לאָקען, וויא געקרויזטע שטראַהלען,
שפּרייטען זיך אַרום אַלבאַסטער—
קלאָרע, אָפּגערונדעטע און
פיין געגלעטטע שולטער צוויי.

דיא פיגורע שטאָלץ און פּאַלמיג,
אויסגעגאָסען איז אַ ווייסקייט
אויף דיא קונציג אָפּגעטאַקטע,
סאַמעט־גלאַטע שוואַנענהאַלז.

שווארצע קארשען-אויגען גלאנצען
איבער צוויי קאָראַלענרויטהע
באַקען, איבער פורפור־רויזע
ליפּען, פריש וויא אַנהייב מאַי.

אין איהר מינע טהראָנט דאָס לעבען;
רוהט דיא פרייד פון אלע וועלטען,
אין איהר בליק, — אַ געטליך פייער
וועקט צו הימעלם העכסטע לוסט.

און דיא רייכסטע קרוין פון מזרח
— פון דעם קליגסטען קאָפּ געטראָגען –
ליעגט צו איהרע פים געבויגען
האלב פערדונקעלט, גאנץ פערשעמט.

דען געזאָגט האָט מען דעם מלך
פון דער װאונדער־שעהנע מיידעל,
און ער זעהט זיא, און פערליעבט זיך
און ער ציטערט און ער רעדט:

„אַלע בלומען פון דעם שרון,
פון דעם זתים אַלע עהלבערט,
אַלע צעדרען פון לבנון,
כרמל, חרמון, — זיינען מיין!

„דורך מיין וואונש און דורך מיין ווילען
ווערט געפלאנצט און אויך געריסען....

העלדען, פירסטען, פרינצען קניען
פאר מיין וואָרט — עס מוז געשעהען!

„צו דיא פייגעל אין דער לופטען
רייד איך צו דיא ווילד'סטע חיות.
אי דעם נאַכטיגאַלען-טרילער
קען איך, אי דעם ברום פון לייב.

„ווילדע רוחות, וועלכע הערשען
אין דיא פוסטקייט פון דיא וועלטען
רוף איך מיט מיין וואָרט, זיי קומען,
קומט דער שטן מיט זיין ווייב!

„אין מיין חכמה לייכט דער הימעל,
און דיא גרינע וויזען שמעקען
אין מיין זינגען. מיינע אוצרות
זיינען פיעל און אָהן אַ גרונד.

„מיט בריליאַנטען צאָהל איך, קרוינען
שענק איך, וואו מיין שווערד איז טעמפע,
שלמה, איז מיין נאָמען, מיידעל,
און דוא פאַשעסט מיינע שאָף!

„אין דעם שרון פון דיין הערצען
וויל שפאַצירען מיין נשמה,
אין דעם טויה פון יענע בלומען —
וויל זיך טובל זיין מיין גייסט.

„ליבעס־דורסט פערברענט דאָס הערץ מיר,
נאָר דער לאַבונגדיגער נעקטאר,
וואָס בעטויהט דיא פורפור רויזע
ליפען דיינע לעשט מיין בראַנד“.

* * *

דאָך עס האָט זיך ניע געבויגען
אַ נשמה פאר אַ סצעפטער,
פאר אַ שווערד דיא ריינע אונשולד
און אַ הערץ פאר אַ מאָנארך.

ליעבע קויפט מען נים פיר קרוינען,
בלומען וואָס אין הערצען בליהען,
ווען זאָגאר ביי אַ פאַסטושקע —
רייסט דער שטאַרקסטער קעניג נים.

און געענטפערט אָט דיא שעהנע ;
„גרויסער הערשער אייער האָהייט
וועט ערלויבען מיין נשמה
אייך צו זינגען וואָס זיא פיהלט“.

און אַלבאַסטער־קלאָרע פינגער
האָבען אוים דיא זיסע סטרונעס
פון אַ שעהן־געשניצטע האַרפע
אויסגעקושט דאָס שעהנע ליעד :

* * *

„אונטער דיא בערגעלאַך
פיטערט אַ פאַסטוכיל,
היט זיינע טשערעדעס,
לוסטיגע רינדער,
ער איז דער ליעבליכסטער,
ער איז דער טהייערסטער,
ער איז דער שעהנסטער פון
אירדישע קינדער.

„ער איז פון טויזענדע
אויסערוועהלט — איינער נאַר!
פונקט וויא דיא צעד'רען
אין גרינעם לבנון.
ליעבער פון פרינצען און
קעניגע, טהייערער
איז מיר מיין ליעבער פון
מילי מיליאָנען.

„בעסער פון ווייגען נאָך
זיינען דעם ליעבענדעס
זיסע, געווירציגע
קושען צו טרינקען.
הימלישע וואוילטאָגען
פיהל איך, ערקוויקונגען!
שטיל אין זיין הייליגען
אָרעם צו זינקען.

„דאָרט וואו זיין אָטהעם וועהט
פיהל איך אַ זעליגקייט ;
דאָרט וואו זיין בליק ערשיינט —
אייביגעס לעבען.
זאָגט מיר, איהר שעפּעלעך !
הערצענס פערטרויטעסטע :
קען מיר דער הימעל נאָך
העכערעס געבען ?

„זאָגט מיר, איהר בערגעלאָך
גרינע און שעהנענקע,
ליעבינקע פייגעלאָך,
רעדט פון דער לופטען !
קען איך מיין הערציגען
אויסבייטען ? ענטפערט מיר !
איהם, מיין איין איינציגען,
גינגאָלד געפּרופטען ?

„שוין דאַכט מיר הער איך איהם
צווישען דיא צעדערען !
זינגענדיג, שפּאַנענדיג
בערגער, — מיין ליעבער !
ציטער ניט, הערץ מיינעס !
פיבער ניט, פלאַטער ניט,
זאָנסט שטאַרב איך ליעבענדיג.
טראָג דאָס ניט איבער.“

* * *

פון דיא לעמעליך קיין מעקען,
פון דיא פייגעלאַך קיין פיפּצען,
פון דיא פליגעליך קיין זשומזשען,
פון אַ ווערימיל קיין ריהר.

פון דעם טייכעלע קיין מורמעל,
פון אַ בוימעלע קיין שאָקעל,
פון אַ בלעטעלע קיין שעפּטשע,
פון אַ צווייגעלע קיין וויעג.

שטיל דיא וואָלקען אין דער לופטען,
פון אַ ווינטעלע קיין וועהען,
פון אַ בערגעלע קיין ווינקען,
פון דעם הימעל קיין געשטער.

ווען דער שעהנסטערס זיסטע קלאַנגען
האָבען מיט דעם שעהנסטענס אויבען
אויף דיא בערגער זיך געטראָפען,
און צוקושט זיך אין דער לופט.

און פערשעמט האָט זיך דער קעניג:
„זיא פערביים מיך אויף אַ פאַסטוך".
און ער האָט זיין וועה געטראָגען
אויף דיא פאַרפומירטע בערג.

# יהודית

(פּאָעמא)

פון דיא אַלטע, אַלטע בלעטטער
הערט זיך אַ פערשטיקטער קול,
וואָס דערצעהלט אונז וויא אַמאָל,
ווען בּעזיעגט האָט גאָטט דיא געטטער
און בּעזאָרגט זיין פאָלק מיט רעטטער
און מיט נסים אָהן אַ צאָהל —
וויא אַ מאָל האָט אונז אַ שעהנהייט
דורך איהר ליעבע און איהר ריינהייט,
אין אַ טרויעריגע צייט, —
פון אַ גרויסע נויט בּעפרייט.

זאָמד און ערד דעם שונא'ס ריעזען!
אשור שיקט איהר גאנצע מאַכט.
וויא דיא בּליצען דורך דער נאַכט
לייכטען שווערדען, בּלאַנקען שפּיעזען,
דאָך אַ פרוי האָט זיך בּעוויעזען, —

גאָטט האָט טיעף אין איהר ערוואַכט.
זיא איז פרעכטיג וויא דער שרון'ן,
צום בעזיעגען נאָר געבאָרען,
ציון'ס שעהנסטע, זיסטע בלום:
לייב און זעעלע אָהן אַ מום.

אן אלמנה איז דיא שעהנע
און זיא איז בעריהמט אין שטאָדט.
גאַנץ מיט מענשען און מיט גאָטט.
אין יהודה איז זיא איינע:
שעהן און רייך, און פרום וויא קיינע
און איהר וואָרט איז אַ געבאָט.
זייט זיא איז אַליין געבליעבען
ווייגט זיא אויף איהר מאַן דעם ליעבען,
האָט דיא וועלט פיר איהר קיין ווערט
און זיא נייגט איהר קאָפּ צו דר'ערד....

איינזאַם זיצט זיא אין איהר חדר,
זיא דערוויטערט זיך פון פוץ.
קיין זאַך האָט פיר איהר קיין נוץ,
פיעל בריליאַנטען, רייכע קליידער.
דאָך פיר וועמען? ליידער! ליידער!
זיא געניסט ניט פון איהר גוט'ס.
איצטער קלאָגט דיא גאַנצע אומה,
און יהודית קלאָגט, דיא פרומע!

שוין בעשלאָסען איז דער בראַך:
אַנצונעהמען אשור'ס יאָך.

* * *

עס שטעהען דיא זקנים
און קוקען צושראָקען,
און שאָקלען דיא קעפּ
מיט דיא זילבערנע לאָקען,
און קוקען פערפינסטערט
ארונטער צו דר'ערד:
„וויא ברעכט מען א אומה?
וויא גיט מען זיך אונטער?
עס פאַלען דיא טרעהרען,
דיא הייסע ארונטער
און ווערען פערלאָרען
ביי זיי אין דיא בערד.
עס סטראַשעט דער שווערד!

עס קומען פערוויינטע
כהנים געגאַנגען,
עס קרעכצען לוים
פערצאָגטע געזאַנגען:
„דער דורסט און דער הונגער“
א שרעקליכער כאָהר!
עס נעהמען דיא העלדען

אומזיסט דיא כלי זיין,
זיי וועלען דאָס לאַנד מעהר
ניט קענען בעפרייען. —
עס רייסען דיא פרויען
פון קאָפּ זיך דיא האָר.
דיא ענדע איז קלאָר!

און עוזיה, דער עלטסטער
פון בתול קומט צו רייטען.
דעם גאַנג פון זיין פערד
קען דער עולם פון ווייטען, —
ער קומט אָן דער זקן,
מיט נייע'ס פון דער שלאַכט :
„מיר זיינען פאַרלאָרען,
דאָך מוז עס געוועהרען,
נאָך עטליכע טעג און
וועט גאָט אונז ניט הערען,
דאַן מוזען מיר פאַלען,
דאַן זינגט אונזער מאַכט
אין אייביגע נאַכט.“

* * *

גליווערענדיג וויא דיא שטיינער
ריהרט דאָס פאָלק זיך ניט פון אָרט,
קיינער וואַגט צו ריידען, קיינער !

און עס כליפען נאָר דיא ווינער,
פלוצלונג הילכט אַ שטאַרקעס וואָרט:

„פאַלען אָדער טריאומפפירען
זאָל דאָס אויסערוועהלטע לאנד!
ווילט איהר אונזער גאָט פּרובּירען,
אויב ער קען מלחמה פיהרען?
אויב עס דיענט איהם נאָך זיין האנד?

„ווייסט איהר דען ניט אַז זיין בויגען
גילט איהם איצט נאָך וויא אַ מאָל?
הייבט נאָר אויף צו איהם דיא אויגען,
ער וועט העלפען, איהר וועט טויגען, —
וואונדער טהוט ער אָהן אַ צאָהל.

„האָט ער ניט דעם ים געשניטען
און געפיהרט בעפרייטע קנעכט?
איז ער ניט פאַראוים געריטען,
וואו מיר האָבען נאָר געליטען
און געהיט אונז דורך דיא נעכט?

„וואָס איז אשור מיט איהר גבורה
און דיא מאַכט פון אַ טיראַן?
וואָס האָט חיל ביי איהם אַ צורה?
קוקט ער נאָר איז זייער קבורה
און זיי זיינען נישט פאַראַן.

„איך בין נאָר אַ ווייב אַ שוואַכע,
דאָך מיין פּאַנציר איז מיין גאָט!
פאַר מיין לאַנד פערלאַנג איך ראַכע. —
טיעפּער, העכער, גייסטער פלאַכע!
האַנד אין האַנד, אויף גאָט'ס בעראָטה.

„גאָט האָט מיר געשיקט אַ זינען
און זיין ליכט איז אין מיין בליק.
דיא געדאַנקען מיינע שפּיענען...
וואַרט, איך וועל זיך דאַ געפינען,
האָפּט צו גאָט, איך קום צוריק....

„וואו איך געה, דאַרף איך ניט זאָגען,
דאָס פערבלייבט מיט מיר אַ סוד!
נאָר ניט וויינען, ניט פערצאָגען
גאָט איז שטאַרק, מיר וועלען שלאָגען —
איך פערלאָז אצינד דיא שטאָדט.

„שטיל, דער קאַמפּף פערלאַנגט קיין טרויער. —
זעהט, מיין ברוסט איז פעסט וויא שטאָל! —
הייסט מיר עפענען דעם טויער!
שטעהט און וואַרט נאָך קורצען דויער,
און איהר הערט צוריק מיין קול...“

און יהודית איז אַנטשוויעגען,
נאָר דאָס פאָלק האָט גלייך געקניעט:

„אמת רעדט איהר צונג, קיין ליעגען,
געה, געבענשטע, דוא וועסט זיעגען, —
נעהם א הייסע ברכה מיט.“

*  *  *

אויף א בעט פון גינגאָלד,
אָנגעזעצט וויא רויגען
מיט אבנים טובות,
ליעגט דער העלד הלופרנש
פירסטליך אויסגעצויגען.

מירטען איהם צוקאָפּענס,
רויזען צו דיא פּיס איהם
הונדערט העלדען וואַכען,
און מיט גאָלד'נע פּעכערס
שטעהען דיא סריסים.

פון דיא אויגען שטראַהלט איהם
גבורה, שטראַהלט נצחון, —
ער איז אשור'ם אָרעם,
שטעדט האָט ער פער'מדבר'ט,
פעסטונגען געבראַכען.

„מאָרגען פּאַלט יהודה!“
מורמעלט קאַלט דער קריעגער,
און בעטראַכט זיין דעגען

מיט געשאַרפטע בליקען,
וויא א ווילדער טיגער.

„מאַרגען פאלט יהודה,
און זיין בלוט וועט גיסען
וויא דיא שנעלע וועללען
פון דעם אלטען ירדן,
וועלכע אונטען פליסען.

„מאַרגען פאַלט יהודה,
און זיין בלוט וועט רינען.
מיטלייד וועט ער בעטען,
אשור וועט ער הערען,
איהרע געטטער דיענען...“

* * *

פערל אין דיא האָר און
גינגאָלד אין דיא קליידער.
שטעהט יהודית שטראַהלענד
אין הלופרנש חדר.

דריי מעת לעת פערגאַנגען
זייט זיא איז געקומען,—
זיא האָט איהם געפאַנגען,
זיא האָט איהם גענומען.

אין דעם שונא'ס לאַגער
שטעלט זיא איין דאָס לעבען.
פּלענער איהם געוויעזען,
עצות איהם געגעבען....

און דער העלד, — אַ גלויבער,
רעדט צו איהר מיט גוטען.
הערשט אויף איהם איהר צויבער,
ברענען איהם דיא בלוטען...

וויינען הייסט ער ברענגען,
טהייערע געטראַנקען,
און אַ זינד פערבאָרגען
ליעגט אין זיין געדאַנקען...

און ער טרינקט אַלץ מעהרער
אום זיין בראַנד צו שטילען,
דאָך זיין זינד ווערט שווערער
און ער הייבט אָן ציעלען:

„געהט, פערבלייבט דאָ קיינער
לאָזט מיך, שווארצע ראָבען!
לאָזט מיך מיט דער שעהנער
לאָזט זיך מיך דערלאָבען!"

און יהודית שמייכעלט,
קיהלט זיך מיט איהר פעכער,

און זיא גיסט גע'שכל'ט
בעכער איהם נאָך בעכער....

שוין בעפאַלט אַ דרימעל
דעם בערוישטען טיגער:
„גרויסער גאָט אין הימעל,
זאַי ישראל'ס זיעגער!"

איהר וויל ער דערגרייכען,
ווייַן האָט ער געטראָפען,
און ער איז געפאַלען,
און איז איינגעשלאָפען....

. . . . . . . . . .

שאַרף איז דער שווערד און געשליפען,
זיא האָט איהם ערגריפען!

טרעט זיא צום בעט מיט אַ שרעקען,
זיא זאָל איהם ניט וועקען:

„ער זאָל מיין פאָלק ניט פערדאַרבען,
דער שונא זאָל שטאַרבען!"

איצטער פערשליסט זיא דיא טיהרען,
מען זאָל ניט דערשפּירען!

נייגט זיא דעם אויער צום הערען,—
אַ סוף זאָל דאָס ווערן!

ס'בליצען דיא אויגען און שטראהלען...
א קאָפּ איז געפאלען!

. . . . . . . .

דאָבעלט פינסטער איז דיא נאַכט
און דורך אשור'ס שוואַרצע רייהען
געהט א פרייד צו היילען וועהען,
געהט יהודית שטיל און זאַכט
בערג אויף, בערג אָפּ.
און טראָגט א קאָפּ.

פינסטער שוועבט זיא דורכ'ן פעלד,
מיט א מורא, מיט נצחון!
אשור'ס יהום איז געבראָכען:
טוידט איז איהר געוואגטער העלד.
זיין אייג'נער שווערד
האָט איהם צושטערט.

„מאכט מיר אויף דעם טויער גיך,
עפענט, שוועסטער! עפענט, ברידער!
גאָטט איז גרויס, ער ברענגט מיך וויעדער, —
דאָס בין איך! בין איך! בין איך! —
בעגריסט דעם פריינד
און יאָגט דעם פיינד!“

# דיא בת לצנים

(א פאָלקס לעגענדע).

**א** וועק איז דער שבת, דערלעבט קוים דיא צייט,
עס ווארטען ר' בער און ר' יואל:
צוויי דאָרפישע אידען, בכבוד'ע לייט,
אצינד אויף ר' זימעל דעם מוהל.

„נו, זאָגט שוין המבדיל און פעקעלט זיך באַלד,
בעגיינען דאַרף זיין דער ברית־מילה"'
דער מוהל, ער רייט מיט דיא געסט דורכ'ן וואלד,
דיא נאַכט איז אַ קאַלטע, אַ שטילע.

ער רייט און ער רייט אין דער שרעקליכער שעה,
איהם קומען אין זינען געשיכטען,
וואָס האָבען פיעל מאָל שוין געטראָפען זיך דאָ.
אין דונקעלען וואלד אין געדיכטען.

איהם קומט אויפ'ן זינן וואָס מיט זרח דעם שמיד
האָט ערשט פאַראַכטאָגען פערלאָפען,
ווען ער איז געפאָהרען ביי נאַכט צום יריד
און האָט דאָ דיא „חברה" געטראָפען.

ער נעהמט זיך דערמאָהנען וויא וואָלף אָרענדאָר
האָט זייערע צוואַנציג געפונען,
וויא ער איז געלאָפען אהיים דורך געפאהר
און קוים מיט'ן לעבען אנטרונען.

וויא זיי האָבען איינמאָהל אַ חתן געקוועלט
געדיינקען אין שטעדטיל נאָך אַלע, —
זיי האָבען אין וואַלד איהם אַ חופה גע'שטעלט,
אַ ליץ איז געוועזען דיא כלה.

און דאָס האָט אַלץ שבת ביי נאַכט דאָ פּאַסירט,
סוף חודש, אַט פּונקט וויא איצונדער.
ר' זימעל, ער רייט דורכ'ן וואַלד און איהם ריהרט
אַ יעדוויעדער מעשה בעזונדער.

ער ווענדעט זיך צו דיא אידען דיא צוויי,
אַלץ דינג וואָס ער וויים צו ענדעקען,
דאָך דאָס איז שוין אַלעס קיין ניי'ס ניט ביי זיי,
ער קען זיי אַהאַר ניט דערשרעקען.

אַזוי האָט דער אַלטער געשילדערט דעם אָרט
אַלץ רייטענדיג ווייטער און ווייטער,
און האָט ניט בעמערקט וויא זיין יעדוויעדעס וואָרט
מאַכט שמייכלען דיא פרעמדע, דיא רייטער.

און גלייך האָבעןביידע געגעבען אַ שפּרונג:
„ר' זימעל, מיט אונז זייט איהר זיכער",

און האבען דעם מוהל געוויעזען א צונג,
און זיינען אוועק וויא א וויכער.

„בעשירעם מיך בורא, דאס זיינען דיא לייט"
דער אלטער דערמאהנט זיך א שבועה...
דאך שרעקט ער צו קעהרען זיין קאפ אן א זייט
און רייט וויא א מארמער סטאטוע.

ער רייט און ער רייט און אזוי וויא ער רייט,
בעוויזט זיך איהם פלוצלונג א בנין,
מען עפענט דיא פענסטער: „וואס האט איהר קיין צייט
עס פעהלט אונז נאך איינער צו מנין".

דער מוהל, ער בלייבט פשוט טויט אויף אן ארט.
ער הערט וויא עס קנאקט און געוויטערט.
ער רייט אבער ווייטער און רעדט ניט קיין ווארט,
דיא אויגען נאר קוקען צוציטערט.

דער בנין פערליערט זיך עם טאנצען ארוים
א חברה מיט לוסטיגע בריעדער:
„וואס איילט איהר, ר' זימעל, דיא נאכט איז נאך גרוים,
מישט אויף און דערלאנגט אונז דעם סידור".

זיי גלאצען דיא אויגען, זיי טרייסלען דיא בערד,
זיי ווערען אי עלטער אי אינגער,
זיי קומען פון אויבען, זיי קריכען פון דר'ערד
און שטעקען ארוים איהם דיא צינגער.

אט ווערען זיי הויך וויא דיא סאסנעס, אט קליין,
אז קוים וואס מען קען זיי בעמערקען.
אט קומען זיי פונקט וויא קאזאקען צו געהן,
אט קומען זיי פונקט וויא דיא טערקען.

אט זינגען זיי זמירות און זינגען „בים באם"
און ווילד קלינגט עס אפ אין דער סביבה,
אט ווילען זיי כאפען דעם פערד פארן צאם,
אט כאפען זיי איהם פאר דער גריווע.

אט ווילען זיי שפרינגען ר' זימלען אין שוים,
אט ווילען זיי גאר אויף איהם פאלען,
אט רופען זיי הינטען און רופען פאראוים:
„ר' זימעל, ר' זימעל. קומט מל'ן".

דער אלטער לייגט טלית און תפילין געשווינד,
דאך גיעבען זיך „יענע" ניט אונטער.
עס ברויזט אויף א בייזער, א שרעקליכער ווינד
און רייסט איהם דיא שמירות ארונטער.

עס שווייגט שוין ר' זימעל, זיין מויל איז פערמאכט,
דיא לצים, זיי האבען א קרבן....
ער האט נאך דיא נייעס אין שטעטיל געבראכט
און איז טאקע תכף געשטארבען.



# דיא ערשטע טבילה

עס ברענט דער פראָסט, עס שניידט דער ווינד,
און באַשע פיהרט און צילה
דעם פישער'ס טעכטעריל אַצינד
אין קאַלטען וואַסער טבילה.

„ניט שרעק זיך, קינד, נו, מאַך דערפון!
דיא צייט האָט אָנגעוואונקען:
פערגאַנגען איז דאָך שוין דיא זונן, —
דו מעגסט זיך אונטערטונקען.

„דעם בורא'ס חסדים זיינען גרויס, —
נישט קשה, מאַך קיין תנועה!
דו שפּרינגסט אַריין און שפּרינגסט אַרויס,
און כשר, צו רפואה."

און זעה, עס צוקט דאָס צאַרטע לייב,
אין ווילדען פראָסט און שטורעם,
אַ, ווילסטו זיין אַ אידענס ווייב,
געוואוין דיך צו יסורים!....

זיא שפרינגט אריין, זיא שפרינגט ארויף,
אומזיסט, אומזיסט, נחמה!
דארט שטעהט און קוקט דער בעל הגוף —
דו ביסט געבליבען טמא.

און ווידער האבען זיך געטוקט
מיט שרעק דיא שעהנע גליעדער;
דאך פון דערווייטען שטעהט און קוקט
דער ערל טמא ווידער.

אלץ שטארקער ווערט דער פראסט, ער ברענט!
דיא מוטער און דיא שכנה,
זיי ברעכען דיא צופראר'נע הענט,
און בלייכער ווערט דיא שעהנע.

„נו, טהו זשע וויא דער דין איז, קינד!
אוועק איז שוין דער רשע —
אריין צום דריטען מאל, געשווינד!
קיין בייז, קיין פייז, נישט קשה!"

דיא בלייכע וויכט פון דין נימט אפ
און טהוט וויא'ס שטעהט געשריעבען:
זיא איז אריין, זיא איז אראפ,
און איז שוין דארט פערבליעבען....

# דער ממזר

דיא חדר קינדער ווילען זיך מיט מיר ניט שפיעלען,
דער רבי שטעכט מיך דורך מיט זיינע בליקען;
ניטאָ פיר מיר קיין הארץ מיט מענשליכע געפיהלען, —
דיא בעסטע וואָלטען גערען מיך דערשטיקען...

פון קידוש־בעכער וואו דיא קינדער אלע זופען,
יאָגט מיך מיט ווילדען כעס אוועק דער שמש, —
כ'חיים: „ממזר". טאָר צום ארון קודש זיך ניט שטופען,
פערשאָלטען זיינען מיינע ד' אמות.

דער חזן טראָגט צום „לייענען" דיא ספר תורה,
און יעדער איינער קושט איהר מיט א קדושה;
איך שטעל דיא ליפען אויס, מען קוקט אויף מיר, א מורא!
איך קעהר זיך אָפּ מיט וועהטאָג און מיט בושה.

איך טראַכט און טראַכט, און קען מיין חטא זיך ניט ערקלערן;
וואָס הייסט: א ממזר? זאָגט: פיר וואָס מיך פּלאָגען?
און פרעג איך עס מיין מוטער, וויינט זיא ביטרע טרעהרן,
זיא קושט מיך היים און וויל עס מיר ניט זאָגען.

פיר אַנד׳רע קינדער האָט אַ טאַטע וואָס צו זאָגען.
אוּן פיר אַ יתום שטעלט זיך יעדער איינער. —
נאָר איך בּין הפקר, וויא אַ בּלאַט פון ווינד געטראָגען.
אַ חוץ איין שוואַכע פרוי, אָ, ליעבּט מיך קיינער!

אוּן וואו איז דאָך מיין טאַטע ערגעץ הינגעקומען?
נישטאָ קיין תירוץ פיר דעם נע ונד׳ן.
איז ער אַוועק, האָט איהם דער הימעל צוגענומען?
פאַרוואָס זאָג איך קיין קדיש נאָך מיין טאַטען?

נאָר פרעג דעם ווינד. דיא וועלט איז שטום צו מיינע שמערצען
איך הער קיין ענטפער, הער קיין איינעם ריידען,
דעם אמת נאָר פערנעהם איך טיעף בּיי מיר אין הערצען:
בּין אוּנשולדיג אוּן לייד אומזיסטע ליידען.



# צו אַ לויפיגען וואסער

(פריי נאָכ'ן ענגלישען.)

אַ וואנדער שטראָם! וויא לאנג, ערקלעהר,
ווערט דיך דיא צייט אַלץ טרייבען?
פון וואנען קומסטו, זאָג, אהער?
און וואו ווערסטו פערבלייבען?

געבאָרען בין איך פון אַ באַרג,
וואו שעהנע בלומען בליהען;
וואו פאַלמען זיינען דאָ ניט קאַרג
און שטאָלצע אָדלער פליהען.

דער היממעל מיט זיין גאַנצען פּראַכט
מיין בוזים פלעגט בעשיינען,
און הערען פלעג איך דורך דיא נאַכט,
וויא זים דיא שטערען טענה'ן.

נאָר געהן האָט מיר פערוועלט זיך, ג ע ה ן!
און בין אַראָפּ געפאַלען —
זייט דאַמאָלס, וואנדער איך אַליין,
אַליין דורך פרעמדע טהאָלען.

דערפאַר, אַ, לויף איך ד אַ און ד אָ ר ט,
עס רוישען מיינע וועלען, —
איך האָב קיין ה י י ם, איך האָב קיין אָ ר ט
וואו זיך אַפּצושטעלען....

עס יאָגט מיך און עס טרייבּט מיך סתם
מיט אונבּעוואוסטער גבורה,
און טראָגט עס מיך אריין אין ים, —
אַ, דאָרטען איז מיין קבורה!



# ציון

פריי נאך ר' יהודה הלוי.

דיען ווילסטו, ציון, גאר ביי מיר ניט פרעגען
אויף דיינע עלענדע, וואס זיפצען שווער?
איך טראג דאך זיי'רע גרוסען דיר אנטקעגען —
דיין רעשטעל, וועה, דו האסט דאך שוין ניט מעהר!

פון מזרח, מערב, דרום און פון צפון,
איך ברענג דיר ברכות, ברכות אהן א שיעור, —
דיא קינדער דיינע ביינקען שטארק און האפען,
א יעדעס הערץ נאר ציהט אהין צו דיר.

אויך איך, געבונדענער אין גלות־קייטען,
בעקלאגענדיג דיין שרעקליכען בעשטאנד,
וויל דיינע לאנג פערלאז'נע בערג בעשפרייטען
מיט טרעהרען, וועלכע פליסען נאכאנאנד.

א קלאג־מוטער בין איך צו גיסען טרעהרען
אויף דיר, א, ציון, אויף דיין אונטערגאנג,
און טרוים איך פון דיין זיסען ווידער קעהרען,
ווער איך א פיעדעלע צו דיין געזאנג.

מיין הערץ, עס ציהט צו בית אל און מחנים,
צו פניאל, אך, וויא ציהט אהין מיך דארט!
וויא גלוסט מיין גייסט צו דיר ירושלים! —
איך קוש פון ווייט דיין יעדער געטליך ארט.

דארט איז דיא שכינה נאר געוועזן דיין שכנה,
און דער בעשעפער, ער האט אויפגעמאכט
אנטקעגען זיינע בלאנקע הימלען ריינע,
דיא טויערען דיינע פול מיט גלאנץ און פראכט.

וויא קען איך דאס אהן וועה, אהן שרעק דערמאנען?
אויף דיין געזאלבטען'ס ארט זעה איך אצינד
א נידעריגען שקלאווע שטאלציג טהראנען, —
גע'ירש'נט האט דער קנעכט דעם קעניג'ס קינד.

א, יענע הויכע ערטער צו בעשטייגען,
וואו דיינע גרויסע האבען זייער רוה;
וואו זיי'רע אייביג גרינע קברים צייגען
א האפענונג, וואס זאגט א סך מיר צו!

אהין, ווען איך זאל אדלער פליעגעל קריגען,
געפלויגען וואלט איך און פאר וועה און שמערץ,
אוואו דיא שטיקער דיינע הפקר ליעגען,
ארייגעשליידערט אויף מיין וואונדיג הערץ.

אויף יענע ערד וואלט איך מיר אויסגעצויגען
און וואלט איהר אויפגעוועקט מיט מיין געוויין,

א יעדער שטויב מיט לוסט אריינגעזויגען —
אונ מיט מיין ברוסט דערוואַרעמט יעדער שטיין.

הר העברים, הור ההר, צוויי שטערען —
זיי לייכטען דאָרט אַדורך דיין נאַכט;
זיי האָבען דיך בעשיינט מיט זיי'רע לעהרען —
נאָך יענע ערטער גאַר איך און איך שמאַכט.

דיין לופט איז זעעלען שפּייז, מיט האָניג פליסען
דיא טייכען דיינע; בשמים איז דיין שטויב.
דיין געגענוואַרט איז לעבען, פרייד און וויסען —
דו ביסט א הייליג ליעד, א גאָטטעס לויב.

וויא וואָלט איך נאַקעט דאָרט אין בּאָרוועס לויפען,
וואו גאָטט האָט דיינע גרויסקייטען פערפלאַנצט;
וואו דיינע טעמפּלען, דיינע שעהנע הויפען
עס האָבען אין דער ריינסטער ליכט געגלאַנצט!

וויא זאָל איך זיך צו לוסט און פרייד דערהייבען
ווען איך מוז צוקוקען מיט וועה און גרויל.
וויא הינד צורייסען דיינע שטאָלצע לייבען
און דיינע אַדלערס ליעגען ביי דער קראָה אין מויל?

דעם טרויער כוס נעהם צו! כ'קען מעהר ניט טרינקען,
כ'בין לאַנג פון דיינע ביטערניסען פול,
צוויי מאָל האָב איך געזעהען דיין גרויסקייט זינקען,
דיין קדשי קדשים און דיין קעניג'ס שטוהל.

נאָך שטראַהלסטו וויא דיא זונן, אָ, הייליג ציון!
נאָך זיינען דיינע פריינד אין דיר פערליעבט,
נאָך איז דיין חן אין מיטען פון זיין בליהען —
און יעדער זעעלע איז אן דיר פערקניפט.

אין זיי׳רע שקלאַפען־גריבער, וואו זיי קרעכצען,
געלוסטען זיי נאָך דיר פון פריה ביז שפעט,
זיי בוקען זיך אנטקעגען דיר און לעכצען
נאָך דיין ערלייזונג אין א היים געבעט.

וויא קען דיא דומהייט פון דיא קעניגרייכען
זיך מעסטען, פרופען מיט דיין „ליכט און רעכט?“
ווער קען צו דיינע דיכטער זיך פערגלייכען,
צו דיינע פירסטען, פריסטער — דיינע קנעכט?

פערשוואונדען וועלען ווערען אלע געטטער,
דאָך דיין בעשיטצער בלייבט, ער ווערט ניט אלט!
עס ווינקט א צוקונפט דיר, א ליעבער שפעטער,
דיין יוגענד גרינט, דיין נייער מאָרגען שטראַהלט.

אָ, וואויל דעם, וועלכער ווערט ניט מיעד צו האָפען
אויף יענעם גליק, אויף יענער גאָלד׳נער צייט,
ווען דיינע טהירען ווערען ווידער אָפען,
פיר דיינע וואַגלער אין דער פרעמדע ווייט!

# ישעיה

ישׂשׂם מדבר וציה ותגל ערבה ותפרח כבצלת
(ישעיה, ל״ה)

דיא ווילדע וויסטע וועט מיט פרייד ערוואכען,
דיא סטעפּע פריילאך זיין, דער מדבר לאכען,
דיא דארע ערד וועט זיך מיט לוסט בעציהען
און וויא א יונגע ראָזע פּרעכטיג בליהען.
יא, בליהען, בליהען, פרייען זיך און זינגען,
לבנון׳ס הערליכקיט וועט דאָרט ערקלינגען,
דיא שענהייט פון דעם כרמל און פון שרון,
דער גליק פון אלטע טעג, פון זיסע יאהרען, —
ערוואכען, וועלען זיי, דיא שטומע שלעפער
און זעהן מיט פרייד דיא גרויס פון דעם בעשעפער.

---

ווערט שטאַרק, איהר שוואכע הענד, איהר מידע גלידער!
איהר קניען שטרויכלענדע, ווערט קרעפטיג וויעדער!
זאָגט: „מוטה, איהר ציטערענדע, גאָר ניט שרעקען!
דער ראַכע־טאָג איז נאָהנט, — עס וועט זיי קלעקען...“
זעהט, אייער גאָט! ער קומט, ער טרעט דורך וועלטען,
זיך רעכענען, אייך העלפען און פערגעלטען.
א, דאַן ערשט וועל׳ן זיך עפ׳נען יענע אויגען,

וואס זיינען יאהרענלאנג געווען פערצויגען,
און דיא פערשטאפטע אוי'רען אפען ווערען;
דיא בלינדע וועלען זעהן, דיא טויבע הערען.
דער לאהמער, וויא א הירש וועט דאמאלס שפּרינגען,
דער צונג פון שטומען, זיסע ליעדער זינגען.
דען אין דער סטעפּע וועלען וואסערם פליסען
און קרעניצעס אין וויסטע טריקעניסען.
דאס גליהעדיגע לאנד, צוברענט פון שטראהלען,
וועט זיך פערוואנדלען אין א טייך, און קוואלען
מיט פרישע וואסער וועלען קרעפטיג קוועלען
אין דער פערשמאכטער ערד, און יענע שטעלען,
וואו ברענענדיגע שלאנגען פלעגען וואוינען,
זיי וועלען זיך מיט נייע פפלאנצען קרוינען.
א וועג וועט דארטען זיין, א וועג מיט בלומען;
קיין אונריינער וועט דארט ניט טארען קומען.
א „וועג א הייליגער" נאר וועט עם הייסען,
פיר דיא וואס געהן דארט, פיר דיא וואס ווייסען...
א וועג וואס קען נור פריי און זיכער פיהרען.
זאגאר דער נאר וועט דארט זיך ניט פעראירען.
קיין חיה וועט אויף דיעזען וועג ניט קומען,
קיין הונגעריגער לייב נאך רויב ניט ברומען.
דיא אויסגעלייזטע, גאטט'ס אליין,
נאר זיי, זיי וועלען דארטען געהן
צוריק נאך ציון זייער גאנג,
מיט זיסע ליעדער, מיט געזאנג.

א וועלט מיט פרייד וועט זיין אויף זיי
און שווינדען וועט א יעדער וועה
און יעדע זארג, און יעדע פיין,
וועט וויא אין טיעפען ים אריין.



# איוב

ויען ד' את איוב מן הסערה ויאמר
(איוב לח.)

אין גאט דער אלמעכטיגער, דער געביטער,
האט געענטפערט איוב'ן דורך דעם געוויטער:
„ווער זוכט דאס דארט צו ווארפען א שאטען?
פון אונזיניגע רייד אויף מיינע טהאטען?
דו גארטעל זיך אונטער וויא א מאן, דען גערען
וויל איך דיך פרעגען דו זאלסט מיר ערקלערען:
„וואו ביסטו געוועזן ווען איך האב מיט כח
דיא ערד געגרינדעט? זאג מיר, קלוגער מח!
איהר ריכטשנור ווייסטו ווער עס האט געצויגען,
איהר אבגעמאסטען און איהר אבגעוואויגען?
אויף וואס עס רוהען איהרע זיילען פעסט,

און ווער עס האט געלייגט איהר ווינקעל־שטיין.
ווען ס'האבען הימעל'ס געפליגעלטע געסט
און דער ריינער מארגענשטערען אליין
פאר פרייד און ענטציקען געזונגען שען?"

---

„אט דאס האב איך אהן מיה, אהן לייד,
„איהם אין א וואלקען אנגעקליידעט,
און וויא אין ווינדעלעך איהם זאכט
אין נעבעל איינגעהילט וויא נאכט.
יא, דאס האב איך פערהאלטען דארט,
זיין ווילד געלויף מיט מיינ'ם א ווארט;
מיט מיין געזעטץ פערשטעלט זיין וועג,
ער זאל נאר לויפען ביז א ברעג.
„ביסט פריי", האב איך געזאגט איהם, „געה!
דאך וויא דו קומסט צום גרענעץ, שטעה!
אט דא זאל בלייבען שטעהן דיין מאכט
אין דיינע וועלענ'ס שטאלצען פראכט."

---

„האסטו שוין ווען געפרופט בעפעהלענדיג זאגען
עס זאל בעגינען, עס זאל נעהמען טאגען?
האסטו ווען געלאזט דעם מארגענשטערען וויסען
זיין ארט, פון וואנען ער זאל דיא וועלט בעגריסען.

א נעהם צו טהאָן דער ערד'ס געפליגעלטע עקען
און אָרויסטרייסלען פון איהר די שלעכטע מיט שרעקען,
עס זאָלען דער גערעכטיגקייט'ס בעזע שונאים
וויא זיגעל־לעהם פערענדערען זייער פנים.
און פון דיא זינדיגע דיא ליכטיגקייט פערשטערען,
עס זאָל צו זיי ניט קענען קומען,
זיי זאָלען אין דער נאַכט פערשטומען
און זייער הויכער אָרעם זאָל צובראָכען ווערען?

---

„האָסטו שוין פרובירט דעם ים'ס גרונט צו דערלאַנגען?
ביסטו ווען אין תהום'ס בוזים ארומגעגאַנגען?
האָבען זיך שוין געעפענט ווען צו דיר ענטפלעקען
דיא טויערען פון טויט, נאַכט און שרעקען?
האָסטו די ברייט פון ד'רערד בעטראַכט און בעגריפען?
דערצעהל, ווען דיין מח איז אַזוי געשליפען!
וואו איז דער וועג פון ליכט, די וואָהנונג פון לעבען,
און וואו טהראָנט די פינסטערניס וואו שאָטענס שוועבען
אום דו זאָלסט די ליכטיגקייט דאָרטען קענען טראָגען
און יענע פורכטבאַרע גרעניצען בעטאַגען —
זאָג, ווייסטו דעם צאָהל פון דיינע אייגענע יאָהרען?
דו ווייסט, אז דו ביסט דאַן שוין געוועזען געבאָרען?
ביסטו שוין געוועזען אין דיא שנעע מאַגאַזינען,
און וואו דיא אוצרות פון האָגעל זיך געפינען,
וואָס איך האָב אָנגעגרייט אויף שרעקליכע צייטען

מיט זיי מיינע אלע שונאים צו בעשט־יטען?
דורך וואנען, זאג, מוז דער שנעע, דער האגעל פאלען
ער זאל ניט צושמאלצען ווערען פון דיא שטראהלען?
מיט וועלכען וועג, זאג, דארף זיך דאס ליכט צוטהיילן?
דער מזרח ווינד צושפרייטען—קענסטו עס דערצעלען?
ווער האט דעם לויף אויסגעטהיילט צו דעם פלאץ־רעגן,
און דעם דונער, דעם בליטץ בעשטימט זייר׳ע וועגען
עס זאל אין דער וויטעסטער וויסטע רעגענען,
דארט, וואו מען קען קיינמאל קיין מענש בעגעגענען,
און יענע סטעפעס פול מיט אנגסט און שרעקען
מיט טויה בעטויען און מיט גראז בעדעקען?"



# מתן תורה

דער שופר שאלט,
דער דונער קנאַלט
און טויזענד בליצען שוועבען: —
דער גרויסער גאָטט
קומט זיין געבאָט
דעם פאָלק ישראל געבען.

ער קומט, ער קומט!
דער מדבר שטומט
און פונקען פייער שפּריצען.
דער סיני גליהט,
ווען שדי'ם טריט
בעריהרען זיינע שפּיצען

און זייט און הויך
שטייגט אויף דער רויך
געמישט מיט פלאַמען פייער, —
עס רעדט א קול
אראָפּ אין טהאָל,
און יעדעם וואָרט איז טהייער.

און משה שטייגט
צו גאָטט, עס שווייגט
דאָס פאָלק אין טהאָל — עס ציטערט!
עס הערט דיא שטים
פון אלהים,
וואָס רוישט און רופט און וויטערט:

---

„איך בין דיין גאָטט, וואָס האָט בעפרייט
פון יאָך דיך און געמאכט צו לייט!
הער אוים און היט מיר מיין געבאָט:
ניט האָב חוץ מיר קיין אנדער גאָטט!
דאָס איז דער גרונד פון מיין געזעטץ:
ניט מאַך קיין בילד, ניט מאַך קיין געטץ
וואָס איבער דיר און אונטער דיר,
וואָס אין דעם ים און אויף דער ערד
פערגעטער ניט; דאָס האָט קיין ווערטה —
עס גיעבט קיין גאָטט ניט אויסער מיר.
ניט בוק דיך צו קיין געץ, געדיינק!
דען מיין ניט, אז איך שוויינ און שיינק;
איך בין א כעסן און איך שטראָף, —
דו ריכסט זיך אוים א שווארצען סוף.
דער פיערטער דור וועט פיר דיין זינד
נאָך מוזען ליידען, ניט געשווינד
פערגעהט מיין צאָרן, איך פערגעלט
אי גוטס. אי שלעכט'ס אויף דיעזער וועלט.

דאָס זאָג איך ווידער אָן און הער!
אין מיינעם נאָמען פאַלש ניט שווער,
דען שווערען פאלש איז אויך א זאך,
וואָס איך בעשטראָף און גאָר ניט שוואך.
דעם שבת זאָלסטו היטען טריי.
זעקס טעג בעשעפטיג זיך אין וואך,
ניט מעהר, געדענק! דוא מוזט זיין פריי.
דעם זיעבעטען רוה אוים פון יאך,
און ניט אליין פיר דיר איז רוה;
דיין זוהן, דיין טאָכטער און דיין קנעכט
געניסען אויך דאָס זעלבע רעכט:
זיי מוזען רוהען פונקט וויא דוא,
זאָגאר דעם גר, וואָס וואוינט מיט דיר,
קומט שבת רוה, זאָגאר דיין טהיער,
דען בלויז זעקס טעג האָט גאָט פערבראכט
אויף הימעל און ערד און ים און גאָר
וואָס א ו י ף און א י ן זיי טהוט זיך נאָר.
דעם זיעבעטען האָט ער געמאכט
אַ טאָג פון הייליגקייט און רוה,
און האָט געבענשט איהם נאָך דערצו.
היט טאטע, מאמע אָב ביז גאָר,
כדי זאָלסט האָבען לאנגע יאָהר
ניט רוצח'ע און ניט נואף,—פיין
זאָלסטו און אנשטענדיג מיר זיין.
קיין פאלשער עדות זיי, קיין דיעב,

אזועלכע לייט האָב איך ניט ליעב.
ניט גלוסט דיין חבר'ס הויז, זיין ווייב,
ניט גלוסט פיר זיך צום צייט פערטרייב,
זיין דיענסט, זיין אָקס, זיין פערד, זיין קנעכט,
ניט גלוסט, — דו האָסט צו זיי קיין רעכט".

---

און ניט נאָר געהערט האָט דאָס פאָלק נאָר געזעהען
דיא הייליגע קולות, דיא ליכטיגע פלאממען.
אין וועלכע דיא ערד און דער הימעל צוזאמען
עס זיינען אויף אייביג פערבונדען געוועזן.

און ניט נאָר געזעהען און געהערט נאָר געפיהלט,
געפיהלט האָט דאָס פאָלק דיעזע הייליגע קלאנגען: —
זיי זיינען ביי איהם אין דיא בלוטען צוגאנגען;
זיי האָבען זיך טיעף אין זיין זעעלע צושפיעלט.

עס זיינען שוין דורות פערפאנגען אַ סך,
דאָס פאָלק אין שוין ווידער אין קנעכטשאפט געפאלען;
דאָך הערט עס דעם קול פון דעם שופר נאָך שאלען
און ווערט אין זיין הייליגען גלויבען ניט שוואך.

„דיין גאָט בין איך, פאָלג מיך און היט מיין געבאָט...."
וויא שטארק איז עס דאמאָלס געדונערט געוואָרען!
אַ אייביגעם פאָלק האָט דער סיני געבאָרען,
אַ אייביגען גלויבען, אַ אייביגען גאָטט!

# דיא ליכט פערקויפערין

(א בילד פון דער ארעמער גאס).

אין העסטער סטרים, נעבען א טעלעגראף־סלופ,
אן ארעמע פרוי זיצט דארט גלייך צו א טרופ;
א ביינערנער פנים און בלייך וויא דער טוידט,
דאך קענטיג דיא באקען געוועזען אמאל רויט;
נאר וואוילטאג, און פריינדשאפט, און ליעבע און פראכט,
זיי האבען געוויס דאס ניט חרב געמאכט.
עס זיצט דארט דיא בלייכע פון וויינען האלב בלינד,
איהר ברוסט ציהט א דאר'ס א פערמארעטעס קינד, —
דאס זויגט, און דאס וויינט, און דאס שלאפט, און מיט וועה
שפרינגט אויף דאס סקעלעטעל פון מאמא'ס געשריי:
„קויפט וויי בערלעך, ליכטלעך צוויי, פיר דריי סענט,
אויף מיר אזא מזל וויא ליכטיג דאס ברענט“.

איהר סחורה איז ווינציג, איהר קערבעלע — קליין,
דאך שטענדיג ערנעהרט זיך דיא שוואכע אליין:
אין שנעע און אין רעגען, אין פראסט און אין ווינד,
דיא ארעמע אידענע זיצט מיט איהר קינד;
זיא האנדעלט, און האנדעלט אין צער און אין נויט,

דאָך האָט זיא קיין ה י י ם, און קיין קלייד און קיין ברויט;
און אויסער דעם סלוף, אָט דעם שטומען, מיר שיינט,
פערמאָגט זיא קיין קרוב, קיין נ ע ה' ט ע ר ן פריינד;
דאָך חאָטש זיא איז עלענד, פערלאָזען און קראַנק,
פערלאנגט זיא פון קיינעם און בעט קיין געשאנק, —
מיט שבת־ליכט האַנדעלט זיא דאָ, וויא איהר זעהט;
דיעזעלבע צו קויפען, איז אַלץ וואס זיא בעט.

לכבוד דעם שבת, דעם הייליגען גאַסט,
לויפט יעדער אין מאַרק מיט אַ שמחה, מיט האַסט; —
עס טומלען זיך מענשען אַהער און אַהין,
דאָך ליעגט דיא פערחושך'טע קיינעם אין זינן.
ווער דאַרף איהרע אָרימע ל י כ ט ל ע ך דיא פּאָר?
נאָך פליש, און נאָך פיש, און נאָך וויין לויפט מען גאָר.
דיא שוואַכע שטעלט אויס איהרע מאַגערע הענט:
„קויפט, ווייבערלעך, ליכטלעך צוויי פיר דריי סענט!"
דאָך ווער הערט איהר שרייען? — פערלאָרען ווערט דאָרט
אין ווילדען געטומעל איהר אָרעמעס וואָרט!
אַ הויץ דיא יתומה דיא קליינע אין שוים —
זיא הערט מאַמאַס שרייען, דאָך וואָס קומט אַרויס?

איך בעט אייך, וויא לאַנג וועט נאָך האַנדלען אין גאַס
דיא עלענד געבליבענע, קראַנקלאַך און בלאַס?
וויא לאַנג קען זיא ליידען נאָך הונגער און נויט,
זיך ראַנגלענדיג מיט דעם פערביסענעם טויט?
וויא לאַנג, אַ, וויא לאַנג וועט דאָס אָרעמע ווייב

נאָך שפּייזען דעם נפש וואָס ליעגט בּיי איהר לייב ?
אמאָל פלעגט דאָס קינד האָטש דערשלינגען אַ טרעהר,
דאָך יעצט, מאַמאַ'ס אויגען, זיי וויינען ניט מעהר...
ניטאָ מעהר קיין טרעהרען, דער מח איז לעער,
דאָס הערץ איז צובּראָכען, דער אָטהעם איז שווער;
דיא ליפּען נאָר מורמלען נאָך קוים אוים מיט וועה:
„קויפט שבּת־ליכט, ווייבערלעך, קויפט האָטש אַ צוויי."

אין העסטער סטריט, שטיל און פערלאָזען, אַליין,
אַ יתום'ל שטעהט דאָרט, אַ קערבעלע קליין.
דערביי זיצט אַ קאַלטער פערגליווערטער טרופּ
דיא אָרעמע סוחר'טע נעבען אַ סלופּ.
דערוויילע האָט קיינער בעמערקט נאָך דעם מת, —
עס זיינען דיא רייכע פערטהאָן מיט דעם פּ ר ע ם;
היינט ווער רעדט דיא פּ ר ו מ ע, דיא כ ש ר' ע לייט,
זיי האָבען געווים ערב־שבּת קיין צייט.
אזוי איז דיא דראַמאַ אַוועק אונבעטראַכט,
ביז לאַנגזאַם און שטיל איז געקומען דיא נאַכט,
געקומען איז אויך פון דעם הייליגען זבול,
דיא בת מלכה שבּת, יעצט געהט מען אין שוהל.

---

אין שוהל איז יעצט ליכטיג, און ציכטיג, און פיין,
דער חזן זינגט זים, אַללע, הערען זיך איין; —
דאָך וואָס איז דיא מנורה אזוי וויא אין טרוים ?

דיא ליכט וועלכע שטעקען דארט, שמינקלען זיך קוים!
דיא ליכטלאך, — זיי זיינען דאך, ווייסטו עס ניט? —
דער סוחר'טעס, וואס איז געשטארבען אין סטרים.
דאס האבען דיא רייכע, דיא פרומע געבראכט,
פיר איהר מיט איהר קינד דא צו ברענען דיא נאכט. —
דיא ר י י כ ע, דיא פ ר ו מ ע ערפיעלען א פפליכט:
זיי צינדען דאס אן דער געשטארבענער'ס ליכט.
דיא רייכע, דיא פרומע, וואס ארט זיי א גוף?
נשמות — דאס, זעהט איהר, דאס הייבען זיי אויף.

א, הייליגע ליכט! איהר זייט עדות אצינד,
אז נויט האט דערשלאגען דא מוטער און קינד,
אז דא וואו מיליאנען פערניצט מען צום שפאס,
דא לאזט מען פערהונגערן מענשען אין גאס;
אויף כ ב ו ד, אויף לוקסוס, וואו געלד ווערט פערוועגד'ט,
איז פיר דעם געדריקטען פערשלאסען דיא הענט.
בעהאלט אייער פלאם, א, איהר הייליגע ליכט!
ביז י ע נ ע ם א ל מ ע כ ט י ג ע ן טאג פון געריכט!
און דאן, פאר גערעכטיגקייטס הימלישען טהראן,
איהר ריינע שמות־ליכט, דאן צינד'ט זיך אן.
זאל ליכט ווארפען ליכט אויף א פינסטערע צייט,
פון עהרליכקייט פרעמד און גערעכטיגקייט ווייט!



# יום כפור צו מנחה

יום כפור צו מנחה, דער אומעטה איז גרויס ;
דיא ריינע נשמות־ליכט געהען שוין אויס ;
דער עולם איז מיד און פער'חלוש'ט, און בלאס ;
דער חזן איז הייזעריג, שוואך איז דער באס ;
דיא זינגערלאך לעכצען שוין אלע נאך רוה ;
א פאאר תפילות מעהר, און דער מחזור איז צו ;
עס בלאזט דער בעל־תקיעה : „לשנה הבא !"
און פוסט איז דיא שוהל, — עס איז קיינער נישטא.

---

איך שטעה ביי דעם ארון הקודש און טראכט :
א, וואס איז נאכהער, ווען דיא שוהל איז פערמאכט ?



# אוים יום טוב

אוים יום טוב, אין מחזיר איז מוטנע און וועסריג;
צונומען דיא סוכה, פערוועלקט איז דער אתרוג;
געשטארבענע ליגען דיא גרינע ארבות;
דער לולב איז בלייך און זעהט אויס א בן-מות;
צוטרעטען אויף דער ערד ליעגט דיא שטילע הושענא....
מיין ליעבער, דאס זיינען דיא האפנונגען דיינע!

דאס ליעגען פערוועלקט דיא חלומות דיא זיסע;
דאס זיינען צוטרעטענע פריידען געוויסע;
דאס זיינען געשטארבענע טהייערע גליקען,
וואס פלעגען אמאהל דיין נשמה ערקוויקען; —
א דאס איז דיין ליעבע, א דאס איז דיין שטרעבען,
דאס זעהסטו א ריכטיגען בילד פון דיין לעבען!

דיא ריטלאך פערפוילען, דיא בלעטלאך פערוויאנען, —
עס קומט אן א סוף און מען ווייס ניט פון וואנען;
דער אתרוג וועבט אוים, עס צובריכט זיך דער לולב;
דער שמש קערט קאלט זיי אראפ פון דעם שוהל-הויף....
א ווינד גיט א וועה, און וויא פיעל אוים'ן בויגען
ווערט אלעם פערשוואונדען פון אונזערער אויגען.

# צום פאָלק

(סאָנעט.)

---

מיין פאָלק, וואָס נאָך קענסטו פון מיר פערלאַנגען?
וואָס האָב איך נאָך, וואָס איך זאָל דיר ניט געבען?
איך שיינק דיר מיינע הערצליכסטע געזאַנגען,
מיין קראַפט און מיין נשמה, ריינעם לעבען.
וואָס אין מיין אויג איז אָפט ארום געשוואומען,
וואָס אין מיין הארץ האָט אָפט געבּרענט וויא גלוטען,
דאָס האָב איך אין בעגייסטערטע מינוטען
צונויף געוועבט אין לעבעדיגע בלומען,
מיין פאָלק, דיין קאָפּ דיר צו בּעקראַנצען.
דיין מיעדען קאָפּ, וואָס קען קיין רוה געפינען
און איין געדאַנק נאָר האָט בעהערשט מיין זינען:
פיר דיר צו זיין, פיר דיר אליין אין גאַנצען.
וואָס קען איך נאָך? וואו האָב איך מעהר קרבנות,
אויב ליעבע איז דיר קארג און קנאַפּ רחמנות?



# דער פּאָעט

איך קום פון א שעהנערעס, בעסערעס לאַנד,
אַנ־אַנדער זונן ציערט דאָרט דיא בּרעגען,
דער גאָט האָט פערניצט דאָרט זיין גאַנצען פערשטאַנד;
געאָפּפערט זיין גרעסטען פערמעגען.

אַ דאָרט בין איך היימיש, אַ דאָרט בין איך רייך,
אַ דאָרט איז מיר גוט, איז מיר פרעהלאַך,
אַ דאָרט איז קיין אירדישער קעניג מיר גלייך,
איך לאַך דאָרט פון שטאָלצעסטען מלך.

איך טראַג דארט אַ קרוין פון פיעל ריינערען גאָלד,
מיך ציערען דאָרט זאָלכע געוועגדער,
וואס ווערען פון גרעסטען מאַגנאַט ניט בעצאָהלט
מיט גאָר זיינע אוצרות און לענדער.

און וויל איך פערגניגען דאַן שפּיעלט עס מיר שעהן,
דאַן זינגען דיא זונען, דיא שטערען,
דאַן זינגט זיך פּאַנאַנדער דער הימעל אליין,
עס איז אַ מחיה צו הערען.

און ווילט זיך מיר חלום'ן ווערט עס אויך בּאַלד
בּעשאַפען, אזוי וויא דורך שמות,

אַ פֿרעכטיגער, גרינער און לופֿטיגער וואַלד,
איך גײה דאָרט און חלום חלומות.

איך טרוים דאָרט פֿון ליעבע און פֿיהל אַזאַ שמערץ
און האָב אַזאַ עדלען פֿערלאַנגען,
וואָס פֿיהלען ווען דאָס זאָל איין שטערבליכעס הערץ,
וואָלט גלייך עס פֿאַר זיסקייט צוגאַנגען.

דאָך ווען פֿאַר תענוגים דאָס הערץ ווערט מיר שווער,
איך וואָלט דאַכט זיך יאָמערען גערען,
לעבט אויף אַזאַ צויבער, וואָס ברינגט מיך אַהער
צו גיעסען די ביטערסטע טרעהרען.

דען אַלץ וואָס איך טרעף אויף דער זנדיגער ערד,
זעהט אויס אַזוי קראַנק, אַזוי עלענד, פֿערצעהרט,
זאָגאַר אויף דעם מעכטיגסטען קעניג אַליין
פֿערקלעמט מיר פֿאַר מיטלייד דאָס הערץ און איך וויין.



# זכרונות

---

פאר דעם ציימעל נעהם מיך, מאַטקע!
איך וועל זיין דיין פערד!
נעהם דעם שטריקעל פאַר א לייץ, דעם
שטעקעל פאַר א שווערד!
מאַרש אהין אויף יענע בערגלאַך
אין דער פרייער לופט
איצקע וואַרט שוין מיט א באַנדע, —
הערסטו וויא ער רופט?
זעהסט איהם אויפ'ן שפיץ פון בערגעל,
דאָרטען, פאַזע טייך?
אַך, איהר זיסע קינדער־יאָהרען
ווייט בין איך פון אייך.

קינדער, ניט פערגעסט דיא פייפלאַך,
וואָס איהר האָט געמאַכט! —
פרעגט נאָר בערקען, האָט ער אַלע
צווייגלאַך שוין געבראַכט? —
מאַכט זיך גרייט צו לויפען, קינדער,
גיכער, נו, גאַלאָפּ!

ווייטער, ווייטער געהט עס שנעלער,
פלינקער בארג אראפ.
קומט צום וואסער־מיהל, אט דארטען
לויפט דער קלארער טייך —
אך, איהר זיסע קינדער יאהרען,
וויים בין איך פון אייך.

היט זיך, ניט צובּרעכט דיא קריעגלאך!
רוהיג, מאכט קיין גוואלט!
ווייסט איהר, וואו דיא יאגדעס וואקסען,
אין דעם טיעפען וואלד?
קינדער, נעהמט זיך פאר דיא פאלעס!
יודקע, געה פאראוים! —
דא איז לייכט צו בּלאנדזשען, קינדער,
אונזער וואלד איז גרוים.
צום יאגאדניק, — ניט פערליערט זיך,
קומט זשע אלע גלייך, —
אך, איהר זיסע קינדער יאהרען,
וויים בין איך פון אייך.

---

זיסע, שעהנע, ליעבע קינדהייט,
וויים ביסטו פון מיר!
מיין נשמה, מיין פאנטאזיע
טרוימט נאר וועגען דיר.

ווי א שאָטען ביסטו, קינדהייט,
ווי אַ רויך, וואָס פליהט,
ווי א בליץ געשווינד אנטלויפסטו
און מען זעהט דיך ניט.
שוועבסט נאָר אום אין מיין זכרון
ווי אַ זיסער טרוים,
איך דערמאָן זיך און מיר ווינט זיך,
און מיר גלויבט זיך קוים

---

אונטער יענע גרינע בוימלאַך
קום, מיין קרוין מיט מיר!
דאָרטען עפענט זיך מיין זעעלע
גאנץ און גאָר פאר דיר;
דאָרטען לייענסטו דיא סודות
פון מיין גרויסען שמערץ,
דו דערזעהסט דאָרט יענעם פייער,
וואָס פערצעהרט מיין הערץ.
דאָרט געשטעה איך דיר דעם אמת
און איך ווין צוגלייך...
אַך, איהר זיסע יוגענדיאָהרען,
ווייט בין איך פון אייך!

זעהסטו ווי דיא טענצער שוועבען?
הייליגע מוזיק! —

דאָ ווערט אונזער זעעלע ברייטער,
דאָ נאָר וואוינט דאָס גליק...
צויבערטענער, — וויא זיי קלינגען!
גיכער אין דער מיט!
איינס, צוויי, דריי, נו, שנעל, געליעבטע,
הייב דיא ענגעל טריט!
איצטער פיהל איך, אז דאָס לעבען
איז קיין „דומער שטרייך"....
אַך איהר זיסע יוגענדיאָהרען,
וויים בין איך פון אייך!

שפּיעל אַ ווײַלע לענגער, כלי־זמר,
זאָג, וואָס איז דיא איל?
איך בין יעצט אין מיטען טאַנצען....
שפּיעל נאָך, שפּיעל אַ וויל!
זעהסטו, וויא דיא ליעבסטע מיינע
שיינט אין בלומענקראַנץ?
זעהסט, וויא וואונדער שעהן מיר שוועבען
אין דעם צויבערטאַנץ?
שנעל, געליעטע! עס פערשטומען
אלע סטרונעס גלייך!...
אַך, איהר זיסע יוגענדיאָהרען,
זאָגט, וואָס איז מיט אייך?

---

חן'עוודיגע יוגענד מיינע,
חלום'דיגער שטראָם!

אך, ווייא האסטו אויסגעטריקענט!
כ'זעה פאר זיך דעם תהום!....
וואו איז דיא געליעבטע מיינע?
וואו דער בלומענקראנץ?
וואו איז יענער זיסער כלי־זמר?
וואו דער צוויבערטאנץ?
יענע זיסע בילדער אלע,
זעה איך זיי אמאהל?
זאגט, אויף װעלכען בארג זיי בלאנדזשען?
זאגט, אין װעלכען טהאל?
איז ניט מעגליך כאטש פון ווייטען
דארט צו טהאן א בליק?
נאר א בליק אויף יענע צייטען,
יענעם שעהנעם גליק?
נאריש, נאריש, זעהר נאריש!
וואס דיא צייט פערטראגט,
קען דער מענש ניט מעהר דערגרייכען,
איבריג וואס ער יאגט!.....



# הערבסט בלעטלאך

.I

אײנזאם זיטץ איך, ווי א געפאנגגען
פון א זעלטזאמען געפיהל:
עפּעס האָב איך איין פערלאַנגען,
דאָך איך ווייס ניט, וואָס איך וויל.
זיינען פריידען, זיינען ליידען
ערגעץ וואו פיר מיר בעשטעלט?
קראַנק איז איינער פון אונז ביידען! —
זאָגט: בין איך עס, צו דיא וועלט?

שטונדען קומען און פעררינען, —
נייע, נייע קומען צו;
דאָך קיין איינע ברענגט מיין זינען
און מיין קראַנקען בוזים רוה. —
וויינען מוז איך, קען ניט ריידען,
קען ניט וויסען, וואָס מיר פעהלט.
קראַנק איז איינער פון אונז ביידען! —
זאָגט: בין איך עס, צו דיא וועלט?

.II

איך ליעב דעם ווינד, איך ליעב דעם ים,
דען וויא דער ערשטער בין איך עלענד
און וויא דער צווייטער רוישט מיין הערץ.
איך ליעב דיא וואָלקען, ליעב דיא נאַכט,

דען וויא דיא ערשטע קען איך וויינען
און וויא דיא צווייטע איז מיין וועלט.

.III

דיא וועלט איז זאָ אַלט און אַלטעגליך;
דאָס לעבען זאָ קאַלט און זאָ קלעגליך;
דיא ערד אַזוי שמוציג און קליין;
דיא צייט אַזוי קרום, אַזוי שטויביג;
דער מענש אַזוי דום און נישט אייביג —
וואָס טהו איך דאָ איינער אַליין?

IV.

האָב פיעל געלאַכט, דאָך זעהר פיעל געוויינט;
אַ, שטענדיג איז ביי מיר געווען פעראיינט
מיין לאַך מיט מיינע טרעהרען....
נישטאָ, וואָס צו הערען!

האָב פיעל גערעדט, דאָך פיעל געשוויעגען שטיל,
מיין שווייגען אָבער האָט גע'טענה'ט פיעל,
איך קען אייך שווערען, —
נישטאָ, וואָס צו הערען!

האָב פיעל געהאַסט, דאָך פיעל, אַ, פיעל געליעבט!
קאָנטראַסטען האָבען מיר דאָס הערץ צוקניפּט.
איך האָב פּראָבירט זיך וועהרען....
נישטאָ, וואָס צו הערען!

V

וואו איך פאָהר און וואו איך געה נאָר,
וואו איך זיטץ און וואו איך שטעה נאָר,

שוועבט פאר מיר אַ בלייך געשטאַלט.
אימער בלייכער, בלייכער ווערט עס,
פון דיא מיעדע אויגען טרעהרט עס,
מיט דיא דאַרע באַקען צוקט עס,
מיט דיא שטאַרע בליקען קוקט עס
און עס וועקט אין מיר אַ גוואַלט.
שרייב איך, אויף מיין שרייבען לעבט עס;
לעז איך, זעה איך אויפ'ן בוך עס;
גאָר בחנום, וואָס איך זוך עס
אויסצומיידען; אימער שוועבט עס
פאר דיא אויגען מיר, — אַ וועה! —
וואו איך געה און וואו איך שטעה!
ווען איך ליעג אין קבר קאַלט,
דאַן פערשווינדעט דאָס געשטאַלט.

VI

דער וועג איז ווייט דער טאָג איז קורץ;
דיא זונן זינקט באַלד אַרונטער;
דאָס וואַסער רוישט, צום ברעג איז ווייט —
מיין שיף, מיין שיף געהט אונטער!

דאָ העלפט עס מעהר קיין ראנגלען זיך,—
דער ווינד איז אַ געזונדטער;
דער ים איז גרויס, דער ים איז ווילד —
מיין שיף, מיין שיף געהט אונטער!

אָ, זיי געזונד, דוא שעהנע זונן!
דוא שיינסט נאָך ווידער מונטער;
נאָר איך, — דיא כוואַלעס רוישען שרעק —
מיין שיף, מיין שיף געהט אונטער!



# אלול מעלאדיען

.1

דער בעל־תקיעה גיט אַ בלאָז;
עס פאַלט אַ טריבעס וועטער,
עס וועלקט אין פעלד דאָס יונגע גראָז,
דער בוים פערליערט דיא בלעטער.

דיא ערד שטעהט הויל און נאקעט באַלד,
אַ סוף איז צו איהר יחום; —
דער פֿעגעל זינגט אין גרויסען וואַלד
און וועקט און רופט צו סליחות.

ער זינגט אַי אומעטהיג, אַי זיס,
אַ ג'זעגען ליעד מסתמא;
דאָס גיט אַ נעהם, דאָס גיט אַ ריס,
אַ ריס ביי דער נשמה!

עס רוישט דער וואלד, עס וועהט דער ווינד,
דיא האק קוקט אן דעם שומר....
דאס קומט א יום הדין אצינד
אויף בוימלאך און אויף בוימער.

א, מענשען! בוימער אין דעם וואלד!
איהר הערט דיא שטורעמס קנאקען?
צו יונג צו אלט, צו שפעט צו באלד,
מען וועט אייך אלע האקען!....

II.

א, קאלטלאך און ווינדיג,
דער סוף פון דעם זומער!
עס וועלקען דיא בלומען אין טהאל!
דיא שעהנהייטען שווינדען;
אין טויטליכען שלומער
איז אללעס פערוויעגט מיט אמאל.

דער שטורעם, ער שליידערט
דיא טרוקענע בלעטער,
צוטראגט דאס פערשטארבענע צווייג;
דער וואלד רוישט א ו ד ו י, —
א וויילינקע שפעטער
פערשטומט אויך דאס הייליגסטע ליעד.

דיא פייגעלעך זינגען
א „תפלת הדרך",

און װענדען צום ים זייער בּליק.
געליעבּטע ,װאו פליהסט איהר ?
װיא װייט פאָרט, אנ'ערך ?
און זאָגט מיר : װען קומט איהר צוריק !

עס גיסען זיך בּיטער
דיא װעה־מעלאָדיען,
דער ענטפער דערלאַנגט אַזאַ דריק :
„מיר װייסען נאָר אללע
מיר מוזען פ ע ר פ ל י ה ע ן,
דאָך גאָטט װייס פון קומען צוריק !"

.III

ס'איז שטירמיש, קאַלט דאָס װעטער
איך געה אין װאַלד אליין
און קלייבּ דיא טויטע בּלעטער
און קוק זיי אָן און װיין :

„אָ, בּלעטער, טויטע בּלעטער
דער מענש און איהר זייט גלייך :
מיט מיר װעט אויך זיין שפּעטער
אַט דאָס, װאָס יעצט מיט אייך :

עס װעט דער װינד דער כעס'ן
צו מיר אויך קומען בּאַלד
און מיך ארונטערגרייסען
פון לעבּענס־בּוים מיט גװאַלט.

שוין פיהל איך דיא געפאהרען
פון הערבסט ווינד אויף מיין קאפ,
שוין פיהל איך מיין פערדארען
און פיהל, איך פאל אראפ!

IV

דער ליעבער זומער איז אוועק,
דער ווינטער קומט צו רייטען,
א וועה, וויא שנעל, וויא שנעל, א שרעק!
עס וועקסלען זיך דיא צייטען!
וויא לאנג האט מען געזונגען „טל"?
מען הערט שוין „גשם" בענשען,
אנ'אימה טראגט זיך איבעראל,
א פחד אויף דיא מענשען!

דיא ליעבע שלומערט איין אין ברוסט
און חלומ'ט אין דער שטילע —
אין אומעטיגען „הנני"-גוסט
פערגעהט זיך דער בעל תפילה.
און דיא נשמה מיעד און קאלט
ליעגט אין דעם גוף און פלאטערט —
דיא וועלט איז קראנק, דאס לעבען אלט,
און דיא נאטור פערמאטערט.

א, ואס'זשע ווין איך, ווען איך זעה
דעם אבשייד פון דעם זומער?

פאר וואס ערגרייפט א טיעפער וועה
מיך אן, א טיעפער קומער?
פאר וואס ערשרעק איך וויא א קינד
ביי'ם וועלקען פון דיא בלומען,
ביי'ם ערשטען פייף פון רויהען ווינד
וואס זאגט אן ווינטערס קומען?

איך וויים נישט, וואס מיין שרעק בעדייט,
איך וויים נאר, אז דיא טרעהרען
אין יעדער יאהר צו דיעזער צייט,
ערשיינען גרינג און גערען;
איך וויים נאר, אז אין בוזים נאגט
און גריזשעט וויא א ווארים,
און טיעף אין הארץ א שטימע זאגט:
זעה! קברים, קברים, קברים!" . . .



# גראָע האָר

גראָע האָר, בית עולם בלומען!
איך קוק אייך אָן און פיהל אַ קעלט, —
צו שנעל זייט איהר צו מיר געקומען,
שלוחים פון אַ טויטער וועלט!

איהר ווייזט צו שנעל מיר מיין פערבליהען,
מיין זונן, צו גיך וויא זיא פערגעהט,
דער בעזער ווינטער קומט צו ציהען,
ער האָט דעם קאָפּ מיר שוין פערשנייעט.

האָב מיטלייד, ווינטער, האָב ערבאָרמען,
ניט וואַרף צו שטאַרק אויף מיר דיין קעלט!
איך האָב קיין זאַך וואס זאָל ערוואַרמען
מיין קראַנקע הארץ אויף דיעזער וועלט.

מיין הייסער וואונש איז לאַנג פערפלויגען,
ער האט זיך, ניט פערווירקליכט, ניין!
אומזיסט נאָר אויסגעווייגט דיא אויגען,
אומזיסט געבליעבען הויט און ביין!

שוין פיהל איך דעם זכרון שווינדען,
מיר בלייבט קיין שפור פון יענע צייט,
וואס פלעגט מיך וויא א צויבער בינדען,
צום שעהנעם טרוים, וואָס איז צו וויים.



# ווינטער

דער ווינטער קומט מיט זיינע שטאַרקע קעלטען;
מיט זיינע שנעע און זיינע פרעסט;
מיט זיינע אונגעבעטענע געסט
פון טויטע וועלטען.
ער קומט, דער קאַט, און פרעסט
ארויס פון בוים דיא קראפט;
פון גראָז דיא זאפט;
פון בלום איהר פארב;
„שטארב!"
זאגט ער צו דער וועלט
און זיא ווערט קאַלט.
תכריכים שפרייטען מיט אמאל
זיך אוים אויף בערג און טהאָל.
עס פאַלט
א טויטער שלאָף, א טויטע נאכט.
אויף אַלץ, וואס וואכט.

גראָע וואָלקען פערשלינגען דיא ליכט פון טאג,
פון פערגליווערטען וואַלד צוטראגט זיך אַ קלאַג:
דאָס איז דער געלעכטער פון דער קראָה, זיא קוועלט,
פליעגלענדיג איהר שווארצקייט אויף דער טויטער וועלט!
וואו דיא נאַכטיגאַל פלעגט גאָרגלען איהר געזאַנג;
וואו דיא לערכע פלעגט צולאָזען זים איהר קלאַנג;
וואו אַ טויזענד פרייע פייגעל מיט אַמאָל
פלעגען טרילערען, צוטראגט זיך יעצט דער קול
פון דער ווילדער קראָה. פאַר איהר ליעד
פליהט
פון הערץ דיא פריידע פליעט דיא לוסט.
פוסט
ווערט דיא זעעלע
אויף דער שטעלע.
דורך דער ברוסט
ציהען יאוש, ציהען שרעק.
אָן עק
ווערט צו לעבענס טהייערע חלומות!
בעזע אימות
פיללען אָן דאָס הערץ, דיא ליעבע ווייכט,
דאָס מיעדע לעבען פרייכט...
„שטאַרבט אָפּ!"
קומט בעז דער ווינטער צו בעפעהלען,
און פון דיא הימעל־הויכע שטעלען
פאַלט אַראָפּ

דיא געפליגעלטע פאנטאזיע,
פון איהר צוּיבערהאפטען יאגען
אויף דער קאלטער ערד דערשלאגען.

---

וויא לאנג צוריק פלעגען הוזשען דיא ביהנען?
וויא לאנג פלעגט פון דער וויסער בראזע רינען
דאס זיסע זאפט, און אויף דעם בייט זיך וויעגען
דער גרינער זאנג? וויא לאנג צוריק פלעגט זיעגען
דער ליעבעם גאט? און דער שמעטערלינג ליעגען
אין שוים פון דער פיאלעטע און געניסען
איהר פרישען נעקטאר און איהר דופט דעם זיסען?
וויא לאנג צוריק פלעגט פון דיא בערגער פליסען
דער קלארער שטראם? וויא לאנג צוריק פלעגט גריסען
דיא נייע זונן דער פרייער וועלט? אצינדער,
איז דיא נאטור פערטרויערט. איהרע קינדער,
זיי ליעגען טויט פאר איהרע טריבע אויגען.
מיט א תכריכים-ווייסען שנעע בעצויגען.
ניטא קיין גראז, קיין בלום, קיין בלאט קיין גרינע
און דער קאסאקער הימעל, מיט א שנאה,
קוקט אן דיא טויטע וועלט, וויא ער וואלט זאגען:
„איך האב קיין טרעהרען ניט אויף דיר צו קלאגען".

---

טויטע וועלט, א לאז מיך זיין דיין זינגער!
מתים-ליעדער זינגען זיך מיר גרינגער.
לעבען איז מיר פרעמד און גאנץ פון וויטען, —

טויט, איהם קען איך גוט זייט לאנגע צייטען.
דען פערצווייפעלט צווישען בערג מיט קברים
וואנדעל איך דא איינזאם, קראנק און ארעם.

לאז, נאטור, מיר זיין יעצט דיין בעוויינער!
דען צו טרעהרען־ליעדער בין איך איינער.
אך, האב ניט געלערענט זיך צו פרייען!
אונגליק קען איך נאר און שווערע וועהען
עלענד טרעף איך, וואו איך זאל מיך קעהרען, —
ווינטער ליעדער־זינגען זיך מיר געהרען....



# דיא נויט און דער דיכטער

הײ, הײ! ווער וויל עס דאָרט פּראָבּירען
מיט גוואַלט צו עפ'נען מיינע טיהרען?
ווער קומט עס דאָרט, מיין רוה צו שטערען? —
דיא נויטה? איך הער. איך קען עס שווערען!
אַ דאָס איז זיא, אַ דיא מגפה!
אַוועק, דו אַלטע מכשפה!
וואס זוכסטו דאַ אין גאַנטעם צאָרען?
אַוועק צו אַלל דיא שוואַרצע יאהרען!

דו האָסט מיך לאַנג גענוג געמאַטערט,
מיין לייב און לעבען שיער גע'פּטר'ט,
מיין מוטה גערויבּט, מיין שטאָלץ צוטרעטען,
געצוואונגען מיך אויף ברויט צו בעטען! —
יעצט געה, וואו טויזענד שדים ברענען!
אַוועק, איך וויל דיך מעהר ניט קענען!
פערשווינד, דו שמוציגע ארורה,
נעהם צו פון מיר דיין שווארצע צורה!

„אַ, עפען אויף, געליעבטער, עפען!
איך קען חוץ דיך קיין חבר טרעפען;
דיא נאַכט איז קאַלט איך וועל ערפרירען:

אָ, מאַך מיר ווידער אויף דיא טהירען!
איך בין דיין אַלטע נויט דיא טרייע,
ביי דיר צו זיין איז אַ מחיה! —
אָ, זייט איך בין פון דיר געשיעדען,
האָב איך ניט מעהר קיין פריינד ביי אידען"......

אוועק פון מיר מיט דיינע שקרים,
פערבּרייטערין פון טויט און קברים!
אוועק! איך בין ביי דיר ניט איינער,
דיך קענען טויזענד בּלייכע ווײנער,
פערגעה, פערשווינד, אַ ווער פערשניטען,
און מאַך דער וועלט מעהר קיין וויזיטען!
דיך קענען פיעל, דו ביסט קיין חידוש, —
ווער רעדט פון דיא, וואָס שרייבען אידיש.....

„מיך קענען פיעל, דאס איז קיין ליעגען,
דאָך איז ביי דיר מיין פערגעניגען;
איך ליעב דיין קרויזען־קאָפּ דעם שווארצען,
איך ליעב דיא וואונדען פון דיין הארצען;
איך ליעב צו שלינגען דיינע טרעהרען,
איך ליעב דיין זיפץ, איך ליעב צו הערען
דיין ליעד פון טרויריגע געזיכטער, —
איך האָב דיך ליעב, דו בּלייכער דיכטער!"

אָ, ערגסטע פון דעם טייפעל'ס ווייבער,
אוועק! בין מעהר קיין פערזען־שרייבער,
איך מאַך קיין גראַמען מעהר, אָ, מערק עס!

איך האנדעל טאבאק און צוקערקעס.
עס איז מיר זיס, עס איז מיר ביטער:
איך בין קיין סוחר קיין געניטער,
דאך פינקטליך און א גוטער צאהלער,
לעב רעכט און שלעכט און שפאר א דאלער.

„און שרייבסטו ניט, דאן וועסטו שרייבען;
וועסט, פריינד, קיין קרעמער ניט פערבלייבען;
איך קען זיי גוט, א דיא געשיכטען:
דוא וועסט נאך ליידען וועסט נאך דיכטען
דו וועסט זיך נאך א מאל פערטהיידגען
פיר דיין מיך יעצט בעליידיגען.
א, זיי קיין שוטה, בעסער עפען!
וועסטו מיך א מאהל נאך מוזען טרעפען!“

אוועק, דו ברינגערין פון טרעהרען!
כ׳האב פריינד בעריהמטע מיליאנערען:
זיי וועלען שטענדיג מיינער זארגען,
איך זאל ניט ליידען, זאל ניט בארגען
איך זאל ניט שווארצען מעהר מיין פנים
צו קוויקען מיינע דומע שונאים,
וואס וואלטען מיך אין קבר ברינגען
אוים קנאה צו מיין שעהנעם זינגען.

„דערצעהל מיר ניט פון מיליאנערען!
ווארט אויף! זיי וועלען קעלטער ווערען,

זיי ווילען דיך געוויס פערגעסען, —
זיי האָבען אַנד'רע אינטערעסען.
דערווייל̃ע ביסטו זייער שפּיעלכעל ;
דאָך באַלד דרייט איבער זיך דאָס מיהלכעל, —
צוריבען ווערט דיין גאַנצע פריידע
און מיר פערבלייבען ענדליך ביידע !"



# מעשה בראשית

ווען דער בורא האָט בעשאַפען
אונזער ואונדערשעהנע וועלט,
האָט ער ניט געפרעגט ביי קיינעם,
נאָר געטהאָן וויא איהם געפעלט. —

אַלעס נאָך זיין אייג'נעם ווילען,
נאָך זיין אייגנעם פּלאַן בעטראַכט :
ער האָט לאַנג גענוג געאַרבייט
און ער האט עס גוט געמאַכט.

ווען ער איז צום מענש געקומען,
איז עס ניט געגאַנגען גלאַט, —
און ער האָט צונויפגערופען
זיין געפליגעלטען סענאַט :

„הערט מיך אוים, איהר מיינע גדולים!
איך האָב איך אהער געבראַכט,
איהר זאָלט מיר אַן עצה געבען,
וויא דער מענש זאָל זיין געמאַכט.

„העלפט מיר, קינדער, איהם בעשאַפען,
אבער קוקט זיך גוט ארום!
ער מוז זיין אין אונז געראָטהען:
אָהן חסרונות, אָהן א מום.

„דען איך קרוין איהם אלס א הערשער,
און איך שיינק איהם פון מיין פלאַם,
ער זאָל פריי בעהערשען קענען
לופט און ערד און אויך דעם ים.

„פאַלען זאָל פאַר איהם דער פייגעל
אין דער לופטען, פאַר זיין מאַכט
זאָל דער פיש אין וואַסער פאַלען
און דער ווילדער לייב אין יאַכט".

דער סענאַט האָט זיך דערשראָקען:
„דיעזער מענשיל, — שוים און רויך,
ווען ער זאָל דיא לופט בעהערשען,
קומט ער נאָך אין הימעל אויך."

און זיי האָבען גאָטט געענטפערט:
„מאַך דעם מענש נאָך אונזער שניט,

גיעב איהם שכל, גיעב איהם גבורה,
דאָך קיין פליעגעל גיעב איהם ניט.

„ניין, ער טאָר קיין פליעגעל האָבען,
ער וועט פליהען מיט דעם שווערט!
ניט בעטרעטען זאָל דעם הימעל
דער וואָס הערשט אויף דיעזער ערד!“

„איהר האָט רעכט“, האָט גאָטט געענטפערט,
„אייער משפט, ער איז פיין;
דאָך איין אויסנאַהם וועל איך מאַכען,
נאָר א י י ן אויסנאַהם, — הערט זיך איין!

„דער פּאָעט זאָל זיין געפליעגעלט,
ער בעקומט מיין העכסטען ראַנג!
עפ'נען וויל איך מיינע הימלען
פיר דעם מייסטער פון געזאַנג.

„און איך וועהל פון אייך אַ מלאך,
ער זאָל גרייט זיין טאָג און נאַכט,
איהם דיא פליגעל אַנצוהעפטען,
ווען זיין הייליג ליעד ערוואַכט.“



# צו מיין עלענד

א, עלענד, דו נאָר ביסט דער איינער,
וואָס ליעבט מיך פון מיין ערשטע שעה!
און אויסער דיך, אָ, קען מיך קיינער,
איז גאָר קיין פריינד פיר מיר נישטאָ!

אָט וואו איך ווענד זיך, טרעף איך שונאים,
פערפאָלגונגען פון יעדער זייט;
נאָר עלענד, דו, דיין בלייכער פנים,
ער שמייכעלט מיר צו יעדער צייט.

מיין עלענד, דו האָסט מיך ערצויגען;
אין וויעג נאָך האָב איך דיך דערקענט:
דיא זעלבע מוטנע, קליינע אויגען,
דיא זעלבע ביינער־דאַרע הענט.

דוא האָסט אין חדר מיך גענומען
און אויף דיין האָרב געבראכט צוריק; —
אָ, דו האָסט אָבגעפּאַרבט דיא בלומען
אין פריהלינגס־מאָרגען פון מיין גליק!

דוא ביסט דער שדכן מיר געוועזען,
דער רב'ל אויך;... האָסט האַלב פערצאָגט,

דיא כתובה מיינע דורכגעלעזען,
דו האָסט מיר „מזל טוב“ געזאָגט.

אָ, ניין, איך דאַרף שוין מעהר קיין ראיות,
דו ביסט מיר טריי.... דו ביסט מיט מיר.
נאָך מיינע האָפענונגס-לויות
געגאַנגען ביז דער לעצטער טהיר.

אויך איצט, ווען, זיך אין צרות קוועלענד,
איך בייג אין יאוש שוין מיין קאָפּ, —
מיין איינציגער, מיין גוטער עלענד, —
אויך איצט, אָ, לאָזטו מיך ניט אָפּ!

איך זעה דיך אימער, זעה דיך קומען
פון שיקזאַל'ס פינסטערען יריד
צו מיר מיט וועלקע קברים-בלומען,
אָ, עלענד, מיט אַ מתים-ליעד.

און שלאָף איך איין, פון לעבענס קללות
פערוויעגט, דאַן קומסטו שטיל אריין
מיט דיין לינגערעס שוואַרצע פאַלעס
און טולעסט מיך דערינען איין.

אַלס לוין דערפאַר, — מיר בלייבען ברידער!
איך צאָהל דיר אָפּ, — מיר בלייבען קוויט:
צו דיר נאָר ווידמ' איך מיינע ליעדער,
מיין קראַנקעס הערץ, מיין שווער געמיטה!.....

# דיא וואונדער שיף

שוין דיא לעצטע זאַנגנענשטראַהלען
שטייגען אויף דיא שפּיצען בוימער,
און דיא גראָע אבענדשאַטענס
וועבּען זיך אַרום דער ערד.

אויף דעם שפּיץ פון יענע בּערגער
איז נאָך פון דערווייטענס מעגליך
צו דערקענען רויטע שפּורען
פון דער זונן, דיא לעטצטע טריט.

לאַנגע בּלוטיג־רויטע פּאַסען
הענגען דאָרט אין מערב־ווינקעל,
טונקען אָפּ דיא הייסע בּרעגען
אין דעם קאַלטען אָקעאַן.

ס'קייקעלט זיך דאָס גלאַטע וואַסער
דורך דיא דונק'לע אבענדשלייערס,
וועלכע ציטערען פון אויבּען
אויפ'ן בּוזים פון דעם ים.

רוהיג בּלאָזט אַ לינדער ווינטעל
דורך דיא דראָבּנע שטילע וועלען

וועלכע שעפּטשען, מורמלען עפּעס, —
ווער פערשטעהט די וואַסערשפּראַך?

אויסגעשפּרייט די ברייטע זעגעל
געגען שטילען אַבענדהימעל,
איילט אַ שיף גאָר אָהן מאַטראָזען
דאָרטען ווייט, — ווער ווייס איהר, וואו?

נאָר דער רודער וויא מיט כּשוף
ער בּעוועגט זיך; — וויא מיט פליגעל
פליהט די לאָטקע, וויא די רוחות
וואָלטען איהר געיאַגט אַהין.

פּוסט די שיף, מען זעהט קיין מאַנשאַפט;
נאָר אַ קינד ער שטעהט געבּראָכען
נעבּען מאַסט בּוים און ער יאָמערט
מיט אַ בּיטערן געפיהל.

לאַנגע, גאָלד געקרויזטע לאָקען
קייקלען זיך אויף זיינע שולטער;
זיפצענדיג פון הינטען קוקט ער....
און די שטילע שיף זיא פליהט!

מיט אַ זילבּערווייסע טיכעל,
וועלכע פלאַטערט אין דער לופטען,
גריסט דער שעהנער מיר פון ווייטען,
ער געזעגענט זיך מיט מיר...

און מיין הערץ פאנגט אן צו קלאפען, —
עפעס וויינט זיך — זאגט, וואס איז דאס ?
יענעס שעהנע קינד — איך קען איהם —
גאטט ! מיין יוגענד פליהט עס דארט !...



# איך זינג פיר איהר

איך זינג ניט פיר קיינעס, איך זינג נאר פיר איהר
פיר איהר, מיין געליעבטע, דיא טהייערסטע מיר.
וואס ארט מיך דיא וועלט מיט איהר, כבוד און גאלד ?
מיין ליעד איז פיר דער, וואס מיין הערץ האט איהר האלד !

זיא איינע נאר וויים, וואס עס ברענט אין מיין ברוסט,
זיא קען מיינע פלאמען מיין פרייד און מיין לוסט ; —
איך זינג פיר איהר אבענדס, איך זינג פיר איהר פריה·
פיר איהר נאר, מיין הימלישע, מיין פאעזי.

זיא זיצט נעבען מיר מיט א צערטליך געפיהל
און הערט מיינע ליעדער, און זיפצט אין דער שטיל ;
דיא זיפצען צוקליגגען אין יעטוויעדער קלאנג
ערוועקט אין מיין זעעלע א נייעס געזאנג.

איך זינג ניט פיר קיינעס, איך זינג נאר פיר איהר
פיר איהר, מיין געליעבטע, דיא טהייערסטע מיר.
וואס ארט מיך דיא וועלט מיט איהר כבוד און גאלד ?
מיין ליעד איז פיר דער, וואס מיין הערץ האט איהר האלד !

# א טרעהר

מיין הערץ, דאס איז א גרויסער ארט,
וואו דיא געפיהלען מיינע לעבען, —
און מעהר איך זוך ארוים צו געבען,
זיי בלייבען מעהרער, מעהרער דארט.
דאס מאכט מיך קראנק, דאס טהוט מיר וועה,
דאס ברעכט כמעט מיין הערץ אין צוויי;
דאך ווען עס ווערט מיר זעהר שווער,
דאן קומט צו מיר א היילונגברינגער
און מאכט מיר מיינע שמערצען גרינגער, —
דאס איז א טרעהר, א שטומער טרעהר!
היינט זעה! א טרעהר, א טרעהריל גאר!
בעטראכט איהם גוט, בעטראכט איהם נאר!
דאך ליעגט אין איהם מיין גאנצעס הערץ,
מיין גרעסטע פרייד, מיין טיעפסטער שמערץ!



# דער קאנאריק

עס טרילערט דער קאנאריק
אין פרייען וואלד אליין;
ווער קען זיין שמחה פיהלען?
ווער קען זיין פרייד פערשטעהן?
עס טרילערט דער קאנאריק
אין רייכסטען פאלאסט שעהן;
ווער קען זיין וועהטאק פיהלען?
ווער קען זיין שמערץ פערשטעהן?



# וויינט מיינע ליעדער

א, וויינט מיינע ליעדער,
איך זעה זיא ניט מעהר!
אומזיסט איז מיין זוכען,
אומזיסט מיין בעגעהר
צו טרעפען איהר וויעדער
וויינט מיינע ליעדער!

א חלום נאָר ברענגט מיר
איהר שטימע צוריק,
איהר שיינענדען פּנים,
איהר טרייסטענדען בליק.
א חלום נאָר שענקט מיר
וויעדער מיין גליק.

אָ, פּרעכטיגע גליעדער!
אָ, ליעבע געשטאלט!
אומזיסט איז מיין האָפען,
מיין הארץ איז פערגאלט:
איך זעה איהר ניט וויעדער, —
וויינט, מיינע ליעדער!

# פערשפעטיגטער טרוים

דער פריהלינג קומט, עס שמעקט דיא לופט,
דער הימעל גלאנצט, דער פייגעל רופט
פון גרינעם בוים צו מיר אראפ:
„מאך אויף דיין בליק, הויב אויף דיין קאפ
און זעה, און הער, עס שיינט און זשומט,
דיא זיסע צייט פון לעבען קומט!"

א, פייגעל זיס, א, פייגעל ליעב,
וואס ווייסטו, וויא מיין הארץ איז טריעב?
איך קען ניט הערען, קען ניט זעהן,
עס איז געשעהן, עס איז געשעהן,
מיין וואונד איז טיעף, מיין וועה איז גרוים,
מיין ליעבסטע ליעגט אין קבר'ס שוים.

„א, טויטע ליעבע, גרויסער בראך!
פערגעס, פערגעס און טרייסט זיך דאך!
דיין שמערץ איז גרוים, דאך ניט אויף לאנג,
איך זינג דיר וויעדער א געזאנג, —
עס שטארבט דיא בלום; עס קומט א מאי,
א, ליעב נאך, ליעב נאך פון דאס ניי!"

אומזיסט, מיין קינד, דיין שענסטער טאָן
בלייבט פרעמד מיין הארץ, ער ריהרט ניט אָן.
עס וועלקט א בלום, עס פאלט א טרעהר,
דיא טויטע ליעבע לעבט ניט מעהר.
צו ענג דיא גאַס, צו פרעמד דיא שטוב,
דער בעסטער אָרט נאָר איז דיא גרוב.



## צו מיין מוטער

ווען דיא מוטער קומט מיר אויף'ן זינען,
פאנגען מיינע טרעהרען אָן צו רינען
און טיפע זיפצען ברעכען דורך מיין ברוסט.
מוטער טהייערע, וויא מוז איך שמאַכטען
נאָך דיין ליעבע און אין טרוים נור דאכטען
אז דוא אומארמסט מיך מיט מוטער־לוסט!

גאָט אין הימעל, הארציגער און גוטער,
שיץ דיא אַלטע פרוי, בעשיץ מיין מוטער!
בעוואך איהר מיט דיין גרויסע, רעכטע האַנד!
זאָלען דיינע גוטע ענגלען טראָגען
מיינע הייסע ברכות און איהר זאָגען,
אז איך געדיינק איהר אין א ווייטע לאַנד!

# וואלט וויטמאַן

(אמעריקא'ס גרויסער דיכטער).

אדו, אין וועמעס שטאַרקע זינגער־בּרוסט
עס האָבען זיך צוויי אַבגרונדען פעראייניגט:
דיא טיעפקייט פון פערקלערטען הימעל און
דיא שטיל פערוויעגטע טיעפקייט פון דער ערד;
אין וועמעס הערץ עס האָט געשיינט דיא זונן,
דער מאָנד און וואו עס האָבען העל געגלאַנצט
דיא שטערען, גאַנצע וועלטען אָהן אַ צאָהל,
אין וועמעס הערץ עס האָט גערינגט דער מאַי
און וואו דעם דונערס ברום האָט זיך צומישט
מיט דעם געטשווימשער פון דער נאַכטיגאַל;
אין וועמעס וואונדער שטאַרקעם ליעד מען פיהלט
דיא אַלמאַכט און דיא קראַפט פון דער נאַטור,
פראָפהעט, אונשטערבליכער, איך גיב דיר לויב,
איך פאַל אין שטויב יעצט פאר דיין שטויב און זינג.



# פערלאָרען

דיא אַ העלד וואס האָט פערלאָרען
אויף דעם שלאַכטפעלד זיין געוועהר,
שטעהט אַ ציעל פיר אַלע קוילען
זעהט דעם קאַמפף און קעמפפט ניט מעהר,
פונקט אַזוי, אַ, אָהן אַ האָפנונג,
אין דעם לעבענס ווילדען שטרייט,
שטעה איך און ערוואַרט מיט שרעקען
אַלע קוילען פון דער צייט.



# א לאנגער אויגענבליק

אײנזאם מיט מײן טיעפען קומער,
זיטץ איך שוואך און קראנק אלײן.
באלד פערבײיא איז שוין דער זוממער,
און איך זיפץ נאך אלץ און װײן.
עס פערוועלקען שוין דיא בלוממען,
אללעם חלש'ט אללעם דארט,
ס'וועהט דער ווינד, דיא קעלטען קוממען,
און איך זטיץ נאך אלץ און װארט.

אך, וויא איז דיא צייט אנטלאפען!
אך, וויא ראש דאס לעבען שוועבט!
כ'האלט נאך איצט אין מיטטען האפפען,
און האב שוין באלד אבגעלעבט.
יאהרען פליהען, שטונדען שוועבען,
קוממען קיין מאל ניט צוריק.
יא, דאס גאנצע, גאנצע לעבען,
איז א לאנגער אויגענבליק.



# ווען איך לייד

ווען איך לייד און זעה איך שווייגען,
גלויבֿ איך נאָך אַ מאָהל: פֿיעלייכט
פֿיהלט איהר מיט און קענט ניט העלפֿען,
ווערט מיין טריבֿער בליק נאָר פֿייכט.

אָבֿער ווען איך לייד און הער איך,
וויא איהר טענה'ט מיט אשפּאָט
פֿון מיין וועטהאָק, פֿון מיין עלענד,
דאָן, מיין הערץ נאָר, פֿיהלסטו גאָטט!

דאָן, אָ, וואָלט איך וועלען כאַפּען
אונזער וועלט מיט מיינע הענד
און צוטרייסלען איהר וויא שמשון
האָט צוטרייסעלט יענע ווענט!

פֿאַל איך איינער, פֿאַלט איהר אַלע!
וואָס מיט מיר, אַט דאָס מיט אייך! —
קענען אַלע גלייך ניט לעבֿען,
שטאַרבֿען קענען אַלע גלייך!

# דער אייביגער סוד

---

דאָס מען מעג און וואָס מען טאָר ניט,
אַלץ פערפליהט אין שטילען גאָר־ניט.
אַלץ פערטראָגט זיך דאָרטען ווייט,
וואו קיין שטאָרבען און קיין לעבען, —
נאָר געהיימע קרעפטען וועבען
שטיל דיין שווייגען, אייביגקייט.

פינסטערע געדאַנקען וועקען,
אין מיין בוזים טיעפע שרעקען,
דיינקענדיג — אָ, שווארצער תהום!
דיינקענדיג, דאָס אונזער לעבען,
האַנדלען, וואַנדלען, ווירקען, שטרעבען
איז אַ שאָטען בלויז, אַ טרוים!

דער געדאַנק: אָ, דער גערעכטער
זאָל פערבלוטען וויא דער שלעכטער!
גרוב, דו זאָלסט פעראייניגען זיי?
וואָס דיא ריינע ליכט פלעגט טרענען,

זאָל דיא נאַכט פערבינדען קענען,
דאָס צובראָכט מיין הערץ אין צוויי.

אָ, פינסטערע אונענדליכקייט!
אָ, שטומע אונפערשטענדליכקייט!
בלייבט אומזיסט מיין דיינקען נאָר?
אלץ דער'הרג'עסטו, דערשלאָגסטו,
אלץ פערשלעפסטו, אלץ פערטראָגסטו,
שטילער גאָר־ניט, — שטילער גאָר!



# צום נייעם יאהר

שוין ווידער זעה איך דיך, דו אַלטער, שטרענגער העלד.
דו קומסט דאס מיט דיין קאַסע יעצט פון לעבענס פעלד.
פערשניטען האָסטו מיר אַ יאָהר, אַ, וויא געשווינד!
און ווארטסט שוין אויף דעם צווייטען וועלכער קומט אצינד.
דיך קימערט ווענעג אויב איך פינסטער אָדער גלאַנץ,
דוא ווייסט נאָר איינס: צושניידען אַלעס וואָס איך פלאַנץ.

אַ, צייט, וויא שטירצסטו אין פערגעסענהייט און נאַכט
דיא פריידען וועלכע דו האָסט מיר אַליין געבראַכט!
איך זעה דעם יונגען יאָהר, דו שטעלסט מיר זעלבסט
איהם פאָר,
און וועסט איהם זעלבסט פערניכטען פונקט וויא
יענעם יאָהר
און ניט נאָר יאָהרען; אייביגקייטען אָהן אַן ענד,
דוא האָסט זיי זעלבסט געבראַכט און האָסט זיי זעלבסט
פערלענד׳ט.

אַ שוידער גרייפט מיך אַן און מיין געדאנק בלייבט שטעהן,
ווען איך בעטראַכט דעם קומען וועלכער מוז פערגעהן.
וואָס איז דער צוועק דערביי? וואָס איז דערביי דער זינן?
פון וואַנען קומט דאָס לעבען און וואו געהט דאָס הין?
אַ וועה! וואָס איז דיא גאַנצע וועלט מיט איהרע לייט?
נאָר גראָז. אַ נאַהרונג פיר דער קאָסע פון דער צייט!

און דאָך בין איך צופֿריעדען און פֿערליר קיין מוטה,
ווייל דער וואָס שאַפֿט דאָס אַלעס איז גערעכט און גוט.
וויא קען דער שוואכער מענש, דער וואָרים וועלכער קריכט,
אריין בליקען אין גאָטט און אויפפאסען זיין ליכט? —
דערפאַר פֿעראייניג איך מיך מיט דער וועלט אין כאָר
און רוף בעגייסטערט אויס: ווילקאָמען נייער יאָהר!

ווילקאָמען נייער יאָהר! זאָל יעדער אויגענבליק,
וואָס דו ווערסט דאַ פערוויילען זיין געבענשט מיט גליק!
זאָל יעדער טאָג אהער ברענגען דעם שענסטען טרוים,
דיא זיסע פרוכט פון פריעדען'ס גאָלד געקרוינטען בוים,
זאָל אונטערגעהן דאָס לעבען אין אַ מעער פון פרייד
און נישט דערטרונקען ווערען אין אַ ים פון לייד.

ווילקאָמען נייער יאָהר! נו, מיט דעם רעכטען פוס!
איך זעה דיך יעצט, ווער וויים אויב איך וועל זעהן דיין שלום?
דען נאָר דער אויגענבליק איז מיינער, ווייטער ניט,
איך וויים ניט ווען דער קאָסע־מאַן דערלאַנגט אַ שניט.
אַט בין איך דאַ, דאָך מעגליך, אַז איך בלייב ניט לאַנג,
קען זיין, אַז דיעזעס ליעד פערחתמ'עט מיין געזאַנג.



# דער לעצטער וואונש

ט ויזענד פריידען האט דאס לעבען,
טויזענד גליקען יעדער טאג,
דאך וואס ער האט מיר געגעבען,
זיטץ איך אימער און בעקלאג.
דארום, א, מיט פייכטע בליקען
בעט איך: „טויט, קום, מאך מיך פריי!
דען איך קען ניט לעבענס גליקען,
עלענד בין איך סיי וויא סיי!"

מיט דעם אויפגאנג פון דעם מארגען
געהט מיר אויף מיין גרויסער וועה,
געהען אויף מיר מיינע זארגען,
וואו איך גיעב מיך נאר א דרעה.
און זיי רייסען מיר אין שטיקער
גייסט און קערפער מיט א גוואלד, —
וואס זשעווארטסטו, טויטענ־שיקער?
שיק דעם טויט מיר, שיק איהם באלד!

איך עמפפאנג איהם וויא א ברודער
און איך קוש זיין שווארצע האנד.

און איך מאַך ניט קיין גערודער,
ווען ער שניידט דעם לעבענס באַנד
איבער מיר אין רעכטען מיטען
מיט זיין שאַרפען, קאַלטען קלינג —
האָב גענוג, גענוג געליטען, —
מאַך אַ סוף! גו, מאַך עס פלינק.



# איינלייטונג

ד אַ גיב איך איך אַ בינטעל בלומען,
אין גלות האָב איך זיי געקליעבען.
איך האָב אַ לעבען זיך צוריבען
ביז איך האָב אַלע זיי געריסען. —
וויא קענט איהר גאָר פערשטעהן, צו וויסען
וויא שווער מיר איז דאָס אָנגעקומען!
געקראָכען ביז'ן האַלז אין זומפּען,
בעגעגענט זיך מיט טויזענד לומפּען,
מיט ווערים, יאַשטשירקעס און זשאַבעס,
פערבליעבען טעג, געהאַלטען שבת.

„מיין גאָטט! מיין גאָטט!" האָב איך געשריען,
„וויא שווער עס בלוטען מיינע וואונדען!"
איך האָב געריסען און געבונדען
דיא גלות־בלומען אין סכנות,
געשטערט פון דערנער אָהן רחמנות
און דאָך ניט אויפגעהערט זיך מיהען.
דורך שלאַנגען, עקדעשען געטרעטען;
ביי שרצים מיטלייד זיך געבעטען,

מיט הוילע הענד און קראַנקע גלידער
פיר אייך געבּלוטעט, ליעבּע בּרידער!

נון, נעהמט, איהר מעגט מיט זיי זיך ציערען!
אַ יעדער איינציג בּלום איז אייער.
ניט מיר אַליין, זיי קאָסטען טהייער
אויך א י י ך, זיי זיינען אייער לעבּען;
יאָ, אייער ליידען, אייער שטרעבּען
געוועבּט אין אידישע סאַטירען,
אַ יעדעס ליעד וועט אייך דערמאַהנען
אַן אַנדער בּראָך, איהר וועט דערקאַנען
דיא אַלטע וואונדען, אַלטע שמערצען,
וואָס ליעגען טיעף בּיי אייך אין הערצען.



# אידישקייט אויף דער לינקער זייט

עליות.

ר׳ בערעלען שלישי,
ר׳ שמערעלען שישי,
דאס זעלביגע וויל זיך ר׳ זיסמאן;
דאס וויל יעדער איינער,
ווען ניט, פליהען צייהנער,
ווען ניט, טא געהט רופט א פאליסמאן.

חמישי, רביעי,
און וואס איז שביעי?
נאך אלץ ניט דיא ריכטיגע סחורה!
א איד האט א מאגען,
וואס קען אויך פערטראגען
דיא אמת׳ע שמאלץ פון דער תורה.

פאר פעטע עליות
נעהמט אויך דאס עניות
אראפ דיא צוריסענע היטעל. —
מען ווערט עפעס גרעסער,
עס קרעכצט זיך גאר בעסער,
עס הונגערט גאר פשוט א דריטעל.

און גאָט איז צופריעדען:
„אָ, זעהט מיינע אידען!
כאָטש שוואך און צושראָקען פון שונאים,
דאָך ווייכט יעדער מורא,
אין שוהל ביי מיין תורה, —
מען פּאַטשט זיך וויא עכטע יונים.

„קוקט אָן אַ מין בּריה!
דאָך פיר אַן עליה,
אַ טיגער אַ גבור מלחמה. —
וואו מאָטקע? וואו מאיר?
אַ מין מאקאבּייער,
אַ העלד וואָס שטעלט איין דיא נשמה“.....

---

א מלמד.

אַ פרומער אידעלע אַ תם,
וואָס טאָר ניט וויסען פון אַ קאָם,
פון זייף, פון דקדוק און תנ"ך.
און דאַרף פערשטעהן קיין אַנדער שפּראַך
אַ חוץ זשאַרגאָן, וואָס ווערט גערעדט
אין שנאָרסק אין בלאָטעוו, יענע שטעדט!
מוז אויסזעהען קויטיג, דאַר און בלאַס,
און קענען ווערען גיך אין כעס.....
היינט דאַרף ער זעהר פיעל פערשטעהן,

למשל : וויא צו רייבען חריין,
צו מאהלען טאבאק און צו דעם
זיך זיין א שטיקעלע בעל שם.
א מבין פרייטאג אויף א באד,
פערשטעהן פון פרודזשענים דעם סוד....
דערצו נאך ווען ער האט דאס גליק
צו ז י י ן א שטיקעלע זאהיק,
א מערידאלניק און געבריכט.
א, דאמאלס ערשט איז ער א ליכט !
א נר ישראל. וועלכער קען
מיט ז י י ן השלמה, מיט ז י י ן ברען
(פיר גאר א קליינע סומע געלד,
דורך ז י י ן מלמדות מיט דער צייט)
דיא קינדער אויסשטעלען פאר לייט,
אלס אידען, לומדים קלוג און פרום,
מען זאל זייא ליעבען אומעטום
און אכטען אין דער גאנצער וועלט......

---

בשר כשר.

א שטיקעל לונג, א ברעקיל לעבער.
געקויפט אין יאטקע אלס מציאות
און אויסגעוויקט דאס אין א צעבער ;
כדי דערפון צו קריעגען חיות....
ארום געשמעקט פון קהל'שע כלבים ;

אַרום געדרייט פון קרומע זנבים.
אָט דאָס, ווען ס'האָט דערצו דיא מראה
וויא דער וואָס עסט דאָס, איז דיא וואַהרע,
דיא גאָטט־געבּענשטע „בשר כשר“,
וואָס חיים טרייטעל, יאַנקעל אשר
בּעקומען דאָס דערפון דיא גבורה,
צו לאָזען שפּייען זיך אין צורה.

---

מקוה כשרה

אַ דומפּפּע גרובּ מיט מי רגלים
אין קעלער פון אַ בּרודנע הויז,
וואָס דיענט שבּתים אלס אַ קלויז
דער חברה אנשי חולי מעים.
דערצו אַ וואַנע מים חיים,
וואָס קוועלט שוין פון אַ לאַנגע צייט
און לאָזט פון זיך אַ ריח ווייט,
וואָס הערט זיך עט, אַזש אין מצרים.
אָט דיעזער מקום, ווען ער האָט,
— אַחוץ זיין הייליגקייט צו גאָטט;
אַ חוץ זיין צאַצקעדיגען קוק —
אַ טוקערקע, וואָס האָט אַ סנוק,
אָט דאַמאַלס איז נישטאָ קיין בּרירה,
אַ יעדער איינער מוז געשטעהן,
אַז דאָס נאָר איז אַ „מקוה כשרה“.

וואו ציון'ס טעכטער מוזען געהן
זיך טובל זיין — און ווערען ריין.

---

א בר מצוה בחור.

א גרויסער גוי אין קורצע הויזען,
וואס האט דיא גאנצע וועלט אין ד'רערד
קען שרייען „שיני“, רייסען בערד ;
וואס איז א רויז פון יענע רויזען,
וואס לאזט זיך זעהן אויף אלע וועגען ;
וואס וואקסט אין דיעזען פרייען לאנד
אויף עשו'ס שפאט, אויף יעקב'ס שאנד
און שטעלט זיך גאט און לייט אנטקעגען.
אזא מין תכשיט, ווען ער ווערט
מיט דרייצעהן גוטע יאהר בעשעהרט,
איז ער דאס דער בר מצוה בחור,
וואס קריעגט אין שול א שעהנעם פלאטץ,
און תפילין, — שפיעלצייג פיר דער קאץ !
און צייגט דיא אידישקייט דעם אחור.

---

א לויה.

דער איינציגער ארט, וואו אן עהרליכער איד
געהט אימער אומזיסט און צופריעדען.

איז קיינמאָל ניט פויל און איז קיינמאָל ניט מיעד
לאָזט איבער דעם מסחור אין מיטען יריד
און העלפט אייך בעגראָבען אַ אידען....
ער פיהרט נאָך דעם פערד
און שיט אַרויף ערד
און גיט זיך אין וואסער אַ פלושקע....
און ווילט איהר נאָך מעהר?
ער לאָזט נאָך אַ טרעהר,
און גיט נאָך אַ „דרייער" אין פושקע....

---

### אַ משכיל.

אַ האַלב געבאַקענער רעטשייניק,
ניט זיס, ניט ביטער און ניט ו ו י י נ י ג.
ניט אַ ברכה, ניט המוציא, —
ביזט מיט איהם אויף קיין פאַל יוצא.
עט, סתם אַ באַנדע, טייג מיט רויך,
און ברעקעלט זיך דערצו נאָך אויך...

---

### אַ מטיף.

אַ מגיד, נאָר ניט פון דיא קרומע.
דאָס הייסט: אָהן יראה, און אָהן קדושה.
סתם אַ איד, וואָס מאָהנט ירושה
אי ביי פרייע, אי ביי פרומע.

רעדט פון שעקספיער און ריש לקיש,
איז האלב פייוויש און האלב יאַקיש,
און פערדרייט אַ קאָפּ דער אומה
מיט דיא דומסטע פון דיא דומע
דרשות, וועלכע הייסען: „ריידעס",
און געדיינקען אונז'רע זיידעס
נאָך אין גלופסק, און זגינלא פּיאַטיף, —
דאס, רבותי, הייסט אַ „מ ט י ף".

---

השכלה.

אַ געמיש פון כל המינים,
פּלאַטאָ'ס לעהרע, פּרעה'ס כינים,
רש"י, טשאַקע, ראַ"ש און דרעפּער,
וויקסעל, פשוט, גילום דניעפּער,
ליעבע, פיהזיק און קנוח,
און אַ שמירה פאר אַ רוח,
„אשר־יצר" און אַטעללאַ,
קעלמער מגיד און אנדזשעלאַ,
וויען, קאַלווריע און ראַגאַלע,
און איהר האָט אַ מין „השכלה".

מערידען.

א חולאת, וואָס קומט פון זיטצען
ביי אַ פאָלק וואָס האַלט אין געהן....
אַך, וויא זאָל מען דאָס פערשטעהן?
אַך, דאָס איז דאָך מלא חן! —
נאָר אויף טאָוולען דאָס צו קריצען!
געהן פון וועסטען און פון אָסטען
אָהן אַ סענט אויף רייזע קאָסטען,
געהן פון נאָרדען און פון זידען
און נאָך ליידען אויף מערידען!

איז עס ניט אַ פערגעניגען?
גיט איהם גאָט זאָגאַר אַ קריינק,
איז עס אויך אַ מין געשיינק,
וואָס אַנאַנדער פאָלק, איך דענק.
איז עס שווערלאַך גאָר צו קריעגען.
שלאָגט דיא פּיס און שוואַרצט דעם פּנים
ביי פראַנצויזען, ביי יונים....
טרעט אַנטקעגען טויזענד ווינטען
און האָט דאָך דיא קריינק פון הינטען.....

אַך, מיר אידען, יאַ, מערידען,
דאָס איז ווירקליך נאָר אַ נס,
הערט! אַ קריינק גאָר אין געזעס
און שוין אויסזעהען נאָר אַ מת

רק פון גערן, — דאָס טרעפט נאָר אידען!
דאָס איז טאַקע נאָר אַ חידוש,
כולו קודש, אידיש, אידיש!
דאָס איז וואונדער, דאָס איז פּלאים,
דאָס פערמאָגען ניט דיא גוים!.....

---

בעלי תפלות.

בּלאַטע הייזלאַך,
קאָרטען־קלייזלאַך,
זאָלען איי'רע העלדען,
אלם חזנים
און דרשנים
זיך וואָס גיכער מעלדען

הייסט זיי קומען
נאָך מזומן,
אידען וועלען געבּען —
קומט, „קאַדעטען",
אויסצובּעטען
אונז אַ גרינגען לעבּען.

קומט, הולטאַיעם,
מאַכט הויות
שענדליכע און דומע.
פרעגט קיין שאלות!
זאָגט דיא „יעלות"
פיר דער שעהנער אומה!

דרוקט צו ווייזען
„בילס“ מיט גרייזען
שקצ'עריי און ליגען.
נאר אהן בושה,
לעסטערט קדושה
אין סקארבאווען נגון!

קומט, קונדסים,
קנאקט שחריתים,
ווערט דא בעלי תפילה!
קנאקט מוספים,
וועקט דיא שרפים,
וויינט פיר א מחילה!

קומט אקטיארען
ניט דערפאהרען.....
און ניט שעהן פיר פרויען....
קלעפט זיך בערד אן,
זאמעלט פערד אן,
זינגט זיי „מראה כהן“!



# אושפיזין

לסוכבי למסכי לנסכי בנסכי. בנסיכת קדוש.....
(שחרית ליום שני של סכות).

דיא סכה גלענצט אין גרינעם סכך,
עס שמעקט אין אלע ווינקלען,
און דורך דעם לייכט גידעקטען דאך,
דיא זילבער שטערען פינקלען.

דיא פלעשער רויט־וויין שטייען פריש,
און קרעפטיג וויא דיא ריעזען,
דער רבי זיצט פערטיעפט ביים טיש,
און רעדט מיט דיא אושפיזין.

ער רעדט מיט זיי, ער שפאסט מיט זיי,
און בעט זיי זאללען קוממען,
ער מורמעלט „אך,” ער מורמעלט „וועה”,
און ענדיגט מיט א ברומען.

דיא חסידים טראכטען: וועה געשעהן,
דאס איז דאך קיין קאטאוועס,
מיר וואלטען זיך שוין וועלען זעהן,
מיט'ן וויין און מיט דיא אבות...

דאָך זעהט, דער רבי טהוט אַ וואונק,
דער עולם ווייס זיין ווינקען,
ער טהוט אַליין דעם ערשטען טרונק,
און אַלע חסידים טרינקען.

אַט טהוט ער מיט'ן פוס אַ טופּ,
מען טראָגט אריין אַ שיסעל,
אַ שיסעל מיט דיא פעטסטע זופּ,
און דוקא ניט קיין ביסעל.

דער רבי קרעכצט, דער עולם טראַכט:
„אַ, וואָס איז דאָ דיא פּעולה?
דער רבי וויינט, דער רבי לאַכט,
דיא שיסעל שטעהט אַ פולע".

„ניין, אַנדערס קען עס גאָר ניט זיין,
איהר טאָרט עס ניט פערגעסען!
איך לאַד אייך אַלע אבות איין
אַצינד ביי מיר צום עסען".

דער רבי זאָגט עס מיט אַ פלאַם,
דיא חסידים זיך דערשרעקען,
דאָך ער ווייסט מאַכען מן הסתם
געמנוג אַז עס זאָל קלעקען.

און שאַ, דער סכך, דער גרינער סכך,
ער ריהרט זיך, בנאמנות!

דיא חסידים קרעכצען „וועה“ און „אך“
נאָר טאַטע מיט רחמנות“....

דאָך ריהרט דער סכך זיך מעהר און מעהר,
פיר שרעק דיא חסידים שטומען.
אליין דער רבי טהוט אַ קלעהר:
„זייא זאָללען ווירקליך קוממען?“...

זיי קוממען אָבער, קוממען דאָך!
דער רבי שטוינט אַ ביסעל:
עס קוממען — דורך אַ גרויסע לאָך,
צוויי קעטץ אין רבין'ס שיסעל...



# דער עוויגער קיקער

אט האָסטו ר׳ אידלען אַ טהייערער פייגעל!
אָט נעהמט ער דיא תורה, אָט מאַכט ער אַן עגל,
אָט שרייט ער מיט קולות: „וועל פאַלגען און הערען",
נו, ווער וואָלט עס גלויבען אויף איהם אָדער קלעהרען,
אַז ער זאָל דיא פלונית׳טע אויסטהאָן דיא רינגען
און מאַכען אַ קעלבעל, און אָנהייבען שפרינגען?

אָט האָסטו יענקולען, דעם שקלאַווע פון גושן,
שוין פלוצלונג אַ פרייער און רעדט שוין אויף משה׳ן.
גאָר פירעשקעס וויל ער, געבראַטענע טויבען —
צו וואָס טויג איהם פרייהייט? צו וואָס דאַרף ער גלויבען?
וואָס טויג איהם דער מן, וועלכער שמעקט וויא „צפיחית"?
ער בייגקט נאָך מצרים, נאָך פרעה׳ס רציחות.

אָט האָסטו ישראלק׳ן קוק אָן אַ בריה!
געקריגען אַ־לאַנד אָהנע זאָרג, אָהנע מיהע.
עס פליסט מילך און האָניג, עס גרינען דיא פאַלמען.
אַ קייזער וואָס זינגט איהם אונשטערבליכע פסאַלמען.
נו, דאַרף מען זיך אָנהייבען בריקען און רייסען
און מאַכען דעם רחמן אַליין פאַר אַ כעס׳ן.

אין גלות שוין דאַכט זיך, אַ וואַנד'רער געוואָרען,
פערלאָרען שוין אַלעס, פערלאָרען, פערלאָרען!
נישט מעהר דער ישראליק, דער גליקליכער בּויער,
אַ פעדלער, אַ חלש, פול עלענד און טרויער,
און דאָך אַ קשה עורף, האָטש האַק איהם אין שטיקער!
דער זעלביגער עקשן, דער עוויגער „קיקער".



# מגילת העסטער

דער גראגער רוישט, דאָס פלעשיל שיינט,
איך טאַנץ אַזש פאַר התפעלות,
מיין העסטערקען בעזינג איך היינט
מיט אלע איהרע מעלות.

צו העסטערקען מיין בעסטען גרוס,
דורך טויזענד פולע פלאשען,
דען נאָר אין איהר געבענשטען זכות
איז דאָ היינט וואָס צו נאַשען.

אָ, העסטער סטריט, האָסט טויזענד פעק
מיט וואונדער, — ביסט געראָטהען!
אוואו מען גיט זיך נאָר אָ שטעק
פייפט אידישקייט אויף נאָטען.

האָסט פרישע ריינע מילך אָ סך
פון „אידישע בהמות“
און אויפ'ן סטופ און אויפ'ן דאך
לויפט אום דער ווינד מיט שמות.

אין יעדע נאָרע, יעדע לאָך
געפינען זיך מנינים —

ס'איז אידישלאַך, ס'איז אידיש דאָך,
ס'האָט גאָר אַנאַנדער פּנים.

דו האָסט כל טוב אין מיטען גאַס,
דאָס איז ביי דיר רגילות —
האָסט ענדיק־זאָמען, פּסח־קוואַס,
און זיסע בעלי תפילות.

אַ, העסטער סטריט, דו ביסט אַ כוואַט
אין פּיעלע אינטערעסען —
דיין זיסע לופט נאָר מאַכט שוין זאַט,
אַז מען פערשפּאָרט צו עסען....

אין קאָנטרים ערגיץ, דאָרטען ווייט,
קען נאָך אַמאָל פּאַסירען
דער איד זאָל זיך נאָך מיט דער צייט
אַמעריקאַניזירען.

דאָך דאָ ביי דיר, — ביסט ווערט אַ ליעד!
איז פּשוט אַ גן עדן:
מען לעבט אַ איד, מען שטאַרבט אַ איד —
ווער קען דאָ ענגליש ריידען?

דאָ קומט דיא טומאה ניט אַריין,
דער שטן האָט קיין שליטה,
און אַלץ איז וואויל און אַלץ איז פיין
אַט פּונקט וויא אין דער ליטא.

יאָ, אַלעם נאָך דעם אַלטען גלאַנץ,
עם לעבט זיך וויא אין קעלעם —
צוויי טראָפּענס וואַסער באַלטרימאַנץ,
צוויי טראָפּענס וואַסער חעלעם.

דאָ איז דאָס אידישלאָך דערפאַר
אין אַלערליי אופנים —
מען פּראָוועט אויפ'ן טרעטואַר
זיך ברייט „נקבים קטנים“.

מען כשר'ט שיסלען, כשר'ט טעפּ,
מען זאָגט אין בּייסמענט תהילים,
עס געהען מיט פעררימנע קעפּ,
פערשמאַלצענע משכילים.

דאָ שפּיעלט דער גלויבען שטאַרק אין קאָן
מיט סמיכות אויף מציצה
און אין העברעאישע זשאַרגאָן
פערפּאַסט מען אונז מליצה...

מען ניצט מקוואות פיעל מען קען,
מען דאַווענט און מען כליפּעט,
און אימער בלייבט עס וויא געווען
פערמושב'ט און פערדריפּעט.

דאָ מאַכט מען שנעל דאָס בּיסעל געלד,
דען אַלע סחורות גילטען....

דאָ קומט מען פון דער גאַנצער וועלט
זיך לעהרנען ריכטיג שילטען.

דער כלל, מיין העסטערקע, דו בליהסט,
און ווערסט אַלץ שעהנער, פעסטער —
דו ביסט אַ צאַצקע, יאָ, דו ביסט
וויא אלע דיינע שוועסטער.



# דער שטאָדט פּערזאָרגער.

דער קען דאַ ניט בּערעלע טרייבּאַטש, דעם פּער
פון טרייבּאַטשעס אַלע אין יאַטקע ?
דיא מעהרסטע בּהמות צו שינדען טויג ער,
קען טרענען דיא אָדערן גאַר אָהן אַ קלעהר, —
זיין מעסער קען געהן אַזוי גלאַטקע.

ער איז אַ מחבל, אַ בּריה אַ יונג,
אַ טויגער, מען בּרענגט איהם צוטראַגען,
אַ חוץ זיינע שכירות, אַ לעבּער, אַ לונג,
אַ וואַרעמע הארץ און אַ לענגערע צונג,
און אָפט פון אַ „דקה" דעם מאַגען.

ווען בּער האָט געמוזט נאַך אַמעריקאַ געהן,
וויא האָבּען דיא הינד געסקאַוואוטשעט !
דען ער האָט זיי עפּטערם דערלאַנגט אין דיא צייהן
אַן אָדער צו ציהען ; אַ טרפה'נעם בּיין,
וואָס האָט אויפ'ן קלאָטץ איהם דאַקוטשעט.

דאָך האָט ער דיא הינד מיט בּטחון געטרייסט,
און הינד האָבּען אָפטמאָל אמונה....
ער האָט זיי ערקלערט : „אָט אַזוי וויא איהר ווייסט

דיא יאַטקע און פוילט זיך ניט טהאָן וויא מען הייסט,
ווערט אייך שוין ניט פעהלען חיונה....

„איהר נאַרישע כלבים! וואָס איז פאַר אַ פּלאַן
סקאַוואוטשען? איהר האָט נאַר אין זינען,
אַז כל זמן אין שטאָדט זיינען בהמות פאַראַן,
וועט יאַטקע בעקומען איהר ריכטיגען מאַן;
וועט צבור איהר טרייבאַטש געפינען.

„און איהר וועט פערבלייבען זיך הינד וויא אַמאָל,
נישט קשה, איהר וועט זיך דערלאָבען!
דען פונקט וויא אַ באָד איז קיין באָד אָהן אַ פאָל,
אַזוי איז אָהן כלבים אַ קהל ניט קיין קהל,
מען דאַרף און מען מוז זיי גאַר האָבען.“

דיא הינד זיינען תיכף געוואָרען געשטילט,
אין אמת'ן, וואָס איז דיא שרעקען?
ביי אידען אַ כלב, אָ, רעדט וואָס איהר ווילט,
ער מאַכט שוין אַ לעבען. ער בייסט צו און ער בילט
אַ אומה וואָס האָט ניט קיין שטעקען!

אַזוי איז זיך בעריל פון שנאָרעוו אַוועק,
און לעבט יעצט מיט אונז — אַ מחיה!
דען איידער ער האָט נאָך צופאַקט דיא געפעק,
האָט ער שוין געפונען אַ סטאַדע מיט בעק —
אַ אידישע „יאַטקע“ אַ נייע....

און דאַ האָט ער ווידער מיט פרישערען מוטה
גענומען דעם זעלביגען מעסער —
עס שפּאַלטען זיך הערצער; עס גיסט זיך שוין בלוט,
און בערעלע טרייבאַטש, ער אַרבייט, ער טהוט,
דער מאַרק פון בהמות איז גרעסער!...

עס האָוקען שוין אַנדערע הינד אָהן אַ צאָהל,
און שפּרינגען, און ווייזען דיא ציינער —
געדערים, בחנם.... אויף בלוט איז אַ זול...
עס טאַנצען דיא כלבים, עס הילכט זייער קָול,
עס קנאַקען דיא אָרימע ביינער!...

דער כלל אונזער בערעלע לאַכט פון דער וועלט,
ער איז פון זיין עסק צופריעדען,
דען ווער עס מוז ליידען, און וועמען עס פעהלט,
ר' בעריל איז גליקליך, ר' בערעלע קוועלט, —
וויא וואויל איז דעם טרייבאַטש ביי אידען!



# יאָכצע און יאָכציכע

(פריי נאָך געטהע.)

---

און מאָרגען איז שוין יום טוב לעב,
יאָכציכע ליעבט איהר מאַן:
זיא קנעט פאר איהם אַ טייגעכטס אוים,
און באַקט עס אין אַ פאַן.

נו, איז דער טאָג אַוועק מיט מיה,
עס איז געוואָרען שפּעט,
און דיא געטרייע מאַן און ווייב,
זיי ליגען שוין אין בעט.

דאָך דרויסען וועהט אַ ווילדער ווינד,
און רוישט, און רייסט אָהן שיעור,
און יאָכצע צו יאָכציכען זאָגט:
„דו, געה פערשלים דיא טיהר".

„האָב כ'לעבען קוים זיך אָבגעכאַפּט,
אַ, לאָז מיך, זעה, צו רוה!
און קלאַפּט עס ביז משיח קומט —
איך שלים דיא טיהר ניט צו".

ד'רויף האָבען ביידע שטילערהייט
געוועט זיך — הערט אין וואָס!
דאָס ווער עס רעדט דאָס ערשטע וואָרט,
דער פעסטיגט צו דעם שלאָס.

נו, האַלטען ביידע, מאַן און ווייב,
זיך אָן דער וועטע פעסט,
דאָך שאַ! עס בלאָנזשען זאַכט אריין
צוויי אונגעבעט'נע געסט:

צוויי חסידים שלעפעריג און מיעד,
פערהונגערט און פערשמאַכט;
זיי שלעפען זיך פון שטיבעל יעצט
צוטראָגען און פערטראַכט.

און דאָ איז פינסטער וויא אין גרוב,
און שאַ, מען הערט קיין וואָרט. —
דיא חברה טאַפּען שטילערהייט,
און זוכען דאָ און דאָרט.

און איינער צו דעם צווייטען זאָגט:
„וואו זיינען מיר אַצינד?"
דאָך שטילל, עס ענטפערט קיינער ניט,
אין גאַס נאָך רוישט דער ווינד.

דאָ רופט זיך אָב דער צווייטער: „גהע
דערלאַנגט נאָך דאָרט אַ גראָפּס;

נו. מילא, אז מען איז שוין דאָ,
טאָ זאָל מען טרינקען שנאַפּס.“

און שאַ, עס איז פאַראַן אַ פלאַש,
נאָך וואונש און נאָך געשמאַק —
„דאָס איז אַ נס, דאָס איז אַ נס!“
יעצט מאַכען זיי אַ „קנאַק“.

און יאָכצע ליגט און הערט זיך איין,
עס הייבט איהם פראָסט פון אָרט;
דאָך מאַכט ער זיך ניט וויסענדיג,
און רעדט קיין איינציג וואָרט.

נו, זאָגט איין חסיד האַלב בערוישט:
„יאַ, משקה איז אַ גרונט.
דאָך געהען מיר דיא כוחות אויס,
בין הונג'ריג וויא אַ הונד.

„עס איז ביי מיר קיין ספק ניט.
מיר רייבען באַלד אַריין;
וואו זאָלכע משקה איז פאַראַן,
מוז אויך פערבייסעכץ זיין“.

און שאַ, זיי האָבען שוין דערטאַפּט
(דאָס איז אַ גוטע שעה!)
אַ גרויסע פאַן, אַ פעטע פאַן,
און דאָרט איז טאַקע דאָ:

א טייגעכטס וויא א גוי דיא גרוים!
דאס איז געווים א נס!
און ביידע האבען זיי געוועלט
שוין נעהמען זיך צום פרעס.

דא האט דערלאנגט א שפרונג מיט כעס
יאכציכע צו דיא „געסט“:
„אז פרעסען וועט דא באלד דיא ערד
דעם, וואס מיין טייגעכטס פרעסט!“

א שפרונג האט יאכצע אויך געטהאן
מיט שמחה אהן א שיעור:
„דו רעדסט, מיין ווייב, דאס ערשטע ווארט,
טא געה פערשלים דיא טיהר“.

---

ביי דעם דייטשען פאעט הייסט דיעזעס געדיכט „גוטמאן און גוטווייב“ און האט א גאנץ אנדער כאראקטער. דער דיכטער האט דארט קריטיקירט דיא דייטשען פאר וואס זיי טרינקען אזוי פיעל. ביי איהם שפרינגט אויף דער מאן ווען מען ריהרט אן זיין ביסעל משקה. אין דיעזעס געדיכט אבער הייבט אן צו שרייען דיא ארעמע אידישע פרוי, וועלכע האט מיט מיה אנגעגרייט דעם פער־טערקוכען פיר איהר מאן; ער אליין בלייבט אבער שטיל ווען מען טרינקט איים זיינע בראנפען — א איד איז קיין שכור.



# צו סליחות

דער שמש וועקט אויף און דערלאנגט דיא הזמנה:
פערשפעטיגט ניט, קינדער, באלד קומט ראש השנה.
עס זיצען שוין בית דין און שרייבען,
און גלייך וועט מען אויבען אין שטיבעל פערהאנדלען,
פון טויט און פון לעבען, פון רוהען און וואנדלען, —
א, ווער עס זאל געהן און ווער בלייבען.

א, שטארקער און מעכטיגער, מורה הוראה,
מיר פאלגען מיט ליעבע דיין ערשטע התראה,
מיר האבען זיך קיינער געדונגען,
דאך אונשולדיג האסטו אונז אלע געטראפען,
דו קענסט אונז ניט משפט'ן, קענסט אונז ניט שטראפען;
מיר זיינען געוועזען געצוואונגען.

ווער לייקענט, חלילה, מיר זיינען פערקראכען,
מיר האבען אודאי א פולע פערבראכען;
אודאי פערשולדיגט געבליבען,
דאך ווער קען א ריכטיגען חשבון זיך געבען
אין טומעל, וואו יעדערער קעמפפט פיר זיין לעבען
פון ביטערען שיקזאל געטריבען?

פון איין זייט שטעהט אימער דיא נויט און זיא דורעט,
פון צווייטען דער אלטער „מנוול“ און בורעט,
א, ווער קען מיטביידע זיך שלאגען?
רבונו של עולם, דו מוזט זיין געדולדיג.
מיר זיינען פערברעכער — דאך דו ביסט עס שולדיג!
אן אמת, מען מוז דאס דיר זאגען.

האסט גאר דיינע אוצרות פערטהיילט צו א ביסעל,
דערלאנגט זיי דעם מזל'ם בריליאנטענעם שליסעל,
פאר וואס? דאס פערבאטסטו צו קלערען,
און אונז הייסטו שטיל אלע ליידען פערטראגען,
און אונז הייסטו פאסטען, און סליחות דיר זאגען,
מיט אונז ווילסטו, גאט, זיך פערהערען.

מיט אונז, דיא געדריקטע, וואס ליידען און בלוטען,
וואס פאלען נאר כורעים און בעטען מיט גוטען,
וואס קענען קיין שוחד ניט געבען....
מיט אונז געהסטו פראווען דיא געטליכע תקיפות,
פער'משפט'ן שנארער, — א קליינינקייט! חריפות
צו נעהמען א'ן אביון דאס לעבען...

דו פאדערסט צום דין אונז, א, ווער איז דאגעגען?
דאך ניט צום פערענטפערן זיך נאר צום פרעגען
דיך קומען מיר איצטער, קבצנים,
צו פרעגען, וואס מאכסטו מיט אונז פיר הויות?
וואס לאזטו צורוה דיינע רייכע הולטאיעס,
וואס לאכען אריין דיר אין פנים?

דען זיינען מיר וויניג געשפּאַנט אין רצועות?
געניסען מיר ווען כאָטש אַ לעפעל רפואות
ניט טראָגענדיג פריהער קיין כריכות?......
וואָס האָסטו נאָר אונז צו פערמוטשען געטראָפען?
וואָס לאָזטו דיא פּני דיינע ליגען און שלאָפען,
און אונז נאָר וואָס וועקסטו צו סליחות?...



# גאָטט פערלאָזט ניט

ווען גאָט איז מיין שפּייזער, וואָס האָב איך צו זאָרגען?
פערזאָרגט ער מיך היינט ניט, פערזאָרגט ער מיך מאָרגען
געדויערט עס לייננער, דאַן הייסט ער מיר באָרגען.
דאַן הייסט עס מיר באָרגען, דאַן הייסט עס מיר לייהען,
ווען גאָט איז מיין שפּייזער, דאַן פעהלט ניט צום קאַיען,
ווען גאָט איז מיין שפּייזער, דאַן — בין איך אַ קאַיזער,
וויא וואויל איז דעם מענשען, וואָס גאָט איז זיין שפּייזער! —
אויפ'ן לעצטען פאַל הייסט ער איהם געהן אין דיא הייזער.

ווען גאָט היט מיך אָפּ איז אויך גוט ווען איך וואַנד'רע.
ער העלפט מיר אין שניפּישאָק וויא אין אַלעקסאַנדרע,
און העלפט ער ניט מיר, טאָ איז וואָס? העלפט ער אַנד'רע,
ווען גאָטט איז מיין שפּייזער, צופוקעט איהר שונאים!

ער פאַשעט מיך אָפּ, אוי, אַ קלאָג צו מיין פּנים!
ווען גאָטט איז מיין פאַסטוך, טאָ זאָרג זיך ניט, מאָררים
דאַרפסט האָבען דיא וועלט אויף צעהן טויזענד כפרות.
ניט זאָרג זיך, עס וועט דיר ניט פעהלען קיין צרות.

ווען גאָט איז מיין פאַסטוך, דאַן פעהלט מיר קיין פאַשע.
ער הייסט זיך מיר שטאָפּען מיט חומש און רש"י,
ווען גאָטט איז מיין פאַסטוך, טאָ פרעגט מיר קיין קשיא;
דאַן דאַרף איך קיין צער און קיין שווערענים טראָגען,
דאַן געה איך מיר ל י י כ ט, מיט אַ ליידיגען מאָגען,
אַ ליידיגען מאָגען, אַ ליידיגען פּאַקעט,
דאַן געה איך מיר גרינג, ווייל איך געה פּשוט נאַקעט,
ווער רעדט פון אַ זייגער? ווער רעדט פון אַ לאַקעט?

ווען גאָטט איז מיין פאַסטוך, וואָס האָב איך צו דאג'ן?
ער הייסט מיר דערווייל נאָר קוקען און שווייגען,
נישט קשה, ס'וועט קומען אַ צייט, ער וועט צייגען
דיא גוטסקייטען זיינע, ער לאָזט ניט פערדאַרבען.
ער וועט מיך בעלוינען שוין, לאָזט מיך נאָר שטאַרבען!
ער וועט מיך בעלוינען, ער וועט מיך פערגעלטען
מיט גליקען, וואָס טרעפען אין לעבען זיך זעלטען:
מיט דריי הונדערט צעהן פון דיא פרעכטיגסטע וועלטען...



# דער פלאַפלער

---

עס קען דיא נשמה קיין מנוחה געפינען,
דאָס הארץ איז צובראָכען און שווער.
עס קומען פערגעסענע גליקען אין זינען
און פריידען, וואָס לעבען ניט מעהר.

אזוי וויא פון תהום זעה איך אויפשטייגען וואונדער.
וויא מעכטיג, אָ, גאָט, איז דיין האנד!
א יעדוויעדער שונא ישראל בעזונדער
צוטומעלט, געמאַכט איהם צו שאַנד.

א גאַנצע מדינה, מצרים, צוטרעטען,
געשטראָפט איהר מיט מכות און טויט,
דערפאַר, וואָס זיין פאָלק האָט דאָרט ציגעל געקנעטען
און פיתום מיט רעמסס געבויט.

דיא ריזיגע מחנה סנחרב׳ס צושלאָגען
האָט גאָט אין איין איינציגע נאַכט,
ישראל האָט פשוט אָהן מיה און אָהן קלאָגען
געוואונען א שרעקליכע שלאַכט.

עס קומען אַלץ מעהרער רעיונות איך ציטער
צו קלעהרען, אַלמעכטיגער האַרר! —
מיר ווערט אויפ'ן הארצען אי פרעהלאך, אי ביטער
און הערט וואָס עס טראַכט זיך אַ נאַר:

איך וויים, עס איז אמת וואָס דאָרט איז געשריבען,
צו פרעגען איז טאַקי ניט רעכט,
דאָך וואו וואָלט דער האַרציגער טאַטע געבליעבען
ווען אונז איז אַצינד אַזוי שלעכט?

אַ, וואו וואָלט דער בורא עולמים פערגאַנגען?
אַ, וויא וואָלט ער שווייגען אַצינד,
געלאָזט זיין „עם סגולה" אין גלות געפאַנגען,
ביי גיפטיגע שלאַנגען זיין קינד?

ווען אמת, ער קען ניט קיין שלאָף און קיין דרימעל,
דיא נאַכט איז פאַר איהם וויא דער טאָג —
טאָ וויא וואָלט דער בורא צו אונז זיך ניט קעהרען
געהערט אונזער ביטערען קלאָג?

אויב אָפען איז שטענדיג דער טהויער פון טרעהרען,
עס הענגט אויף איהם קיינמאָל קיין שלאָס?
טאָ וויא וואָלט ער רוהיג געזעסען אין הימעל,
און זעהען אַז פארפול איז דיא מאָס?

איך ווייס אז מען טאָר אין ניסתרות ניט קלעהרען;
איך ווייס, אז אַ גזר איז אַ גזר,
נאָר ווער קען אַ שוטה צו פלאפלען פערוועהרען?
ער שטופּט זיך, ער רייסט זיך דער נאַר....



# מלקות שלאָגען

מיט אַ גלייכגילטיגע תנועה
שטעהט דער שמש. זעהט איהר, קינדער,
אויף דעם רוקען פון דיא זינדער
וויא עס פלאַטערט זיין רצועה?
זעהט איהר וויא ער צעהלט זיי פלייסיג,
לויט דעם דין, דיא ניין און דרייסיג,
וואו ער וואַרפט אין זיי וויא האַלקעס
איינם נאָך איינם דיא הייסע מלקות?
שפּעטער וועט נאָך יעדער געבען
איהם, דעם שמייסער, „חי“, צום לעבען
און אַוועק געהן שטיל, צופרידען;
אַט אַזוי, אַ, שמייסט מען אידען!

ס'דאַרף דער שמש זיך ניט רייסען,
יעדער ברינגט אָהן מיה, אָהן קלאָגען,
שטיל זיין הינטען זעלבסט צוטראָגען,
און ער בעט זיך מען זאָל שמייסען.
און דער שמש איז קיין נאַר ניט,
שניידט דיא הויט און האָט קיין צער ניט.
דען געגרייטע קומען וויעדער,
לייגען זיך אַליין אַניעדער:
„שינדט דיא פעל, אַ, ריים דיא אירכע,
מיר בעצאָהלען פיר דיין טרחה!
רימענס בריהען דיא מערידען,
אַט אזוי, אַ, שמייסט מען אידען!

אויבען גליהט דעם שמש'ס רימען,
אונטען וויינט זיך אין דער שטילע:
„גאָט, פערלענד אונז ניט חלילה,
האַלט דאָך אָפ דיין כעס, דיין גרימען"
און מען בעט עס איממער יעהרליך
און עס צעהלט דער שמש עהרליך
און עס טריפט פון טרעהרען־לאָגעל,
און עס פליהען שמיץ וויא האָגעל
און עס ווערען כחות קנאַפער
און עס וואַקסען פרומע קלאַפער,
רימענס בריהען, טרעהרען זידען,
אַט אזוי, אַ, שמייסט מען אידען!

# דער פערשטערטער סדר

ש וין צוריבען דיא חרוסת
אונ דער מרור איז צושניטען,
פולע שטעהען שוין דיא כוסות,
און דיא זרוע ליגט אין מיטען.

אויף דיא טעללער ליעגען ארטיג
שוין דיא אייער אויסגעציילטע;
באלד איז זאלץ וואסער אויך פארטיג,
און זיי ווערען אבגעשיילטע.

צוויבעל, פעטרושקע און ראסעל,
מצה שמורה און חזרת,
אלץ איז גרייט און חיים יאסעל
מאכט זיך פארטיג צום אינטערעס.

אויך רחמיאל'קע האט אין חדר,
ביי ר' בינעם חיה באשעס,
אויסגעלערענט זיך צום סדר
ביי דעם טאטען פרעגען קשיות.

נון, איז דאכט זיך אללעס גרייטלאך,
פיעל צי קנאפ, געבראכט צו וועגען,

און דער פאָטער זעצט זיך ברייטלאַך
און ער הייסט דעם אינגעל פרעגען.

און דיא מאַמע קוועלט פאַר פריידען:
איהר רחמיאל'קע וואַקסט אַ תנא,
הערט אַ שכל, הערט אַ ריידען,
הערט אַ פרעגען: „מה נשתנה!"

אָבגעפרעגט מיט דרך ארץ
האָט דער אינגעל, וויא דיא מאָדע,
ייצטער קומט דער אַלטער תירוץ,
וועלכער שטעהט אין דער הגדה.

דאָך רחמיאלקע'ס יונגען מוח'ל
אַרט אַ פראַגע, און דאַרט דרייט זיך,
ער פערשטעהט ניט פראָסט דעם שכל
וואָס זיין טאַטע קוועלט און פרייט זיך.

אין מצרים זיינען אידען
קנעכט געוועזען, נו, און איצטער?
הערט אַ תירוץ...! ניט צופריעדען
איז דער אינגעל דער פערשפיצטער.

„ס'טייטש, וואָס הייסט מיר־ זיינען פרייע?
איך בעגרייף דאָ ניט דיא גליקען;
דאַכט זיך טעגליך קומען נייע
גזירות אונז צום טויט צו דריקען".

„נאַט אייך פסח... שעהנע פרייהייט!
פרעה זיך, אידעל, נאַ דיר האַלקעס!...
זאָג, בעשטעהט עס גאָטטעס טרייהייט
אימער נאָר, צו אונז, אין מלקות?"

און דער פאַטער און דיא מוטער
שיקען רופען גרונע צילקען,
דען ניט אַנדערש אַ ניט גוטער
איז אַריין דאָ אין רחמיאל'קען.

„שפּרעכט איהם אַפּ. אוי, הערט נאָר קשיות!
וויא עס דרעהט זיך איהם דער צינגעל!
בינעם, בינעם חיה באַשעם
האָט געקוילעט אונז דעם אינגעל".

דאָך דער אינגעל פרעגט אַלץ מעהרער,
דען וואָס העלפט איהם גרונע צילקע?
און דער תירוץ ווערט אַלץ שווערער,
אָהן אַן ענטפער בלייבט רחמיאל'קע.



# דער קאַלוואַריער דאַטש.

איך בין אין קאַלווריע געבאָרען,
ניט ווייט פון דער שוהסטערשער שוהל,
איך בין דאָרט אַ שוהסטער געוואָרען
איך האָב דאָרט געהיט מיין קאַפּול.

מען האָט מיך פערדרעהט דאָרט מיט צירקען,
אַ מאַיד וואָס פלעגט צירעווען זעק,
דאָך איך האָב אַ כאַפּ געטהאָן מירקען
און בין מיר נאָך ניו יאָרק אוועק.

דאָ איז אונז געגאַנגען אין אָרדער,
געמאַכט דיא אַפּויתיקת גיך.
מיין מירקע פלעגט האַנדלען מיט באָרדער....
און איך מיט פערלאַטעטע שיך.

אַצינד איז מיין מירקע אַ „קיידי",
און איך היים שוין ב ע ר ע ניט מעהר.
מיין ווייב איז געוואָרען אַ „ל יי ד י"
און איך בין געוואָרען אַ „סער".

איך האנדעל שוין לאנג מיט קיין שלארעס,
איך האב יעצט א סטאר אין בראדוויי,
און רעדט מען פון גבירים, פון שררות —
דערמאנט מען מיך אויך צווישען זיי.

מען קען ניט מעהר מירקע ליידאטשקע,
מען קען ניט מעהר בערע יונגאטש.
מיין ווייב איז געווארען א דאטשקע,
און איך בין געווארען א דאטש.

יעצט זוך איך קאלווריער צו מיידען,
איך וויל זיי ביי מיר פיר קיין געסט,
איך קען מעהר קיין ליטוואק ניט ליידען;
א רוסישער איד איז א פעסט!

איך האס זיי און וואס איז דער חידוש?
עס האט מיר א טעם זייער קוואטש!
איך קען ניט פערשטעהן מעהר קיין אידיש,
צו מיר מוז מען שפרעכען אין דאטש.



# דיא געהאָלפענע צוויא
## אָדער רויבער און גלויבער.

---

און אלטער פאָלקס מאָטיוו. פריי נאָך דעם העברעאישען.

עס זיינען אמאָל אין א דאָרף צווישען גוים
געשטאַנען וויא אופגעפּאָרט איינס מיט דאָס אנדר'ע
אַ שיינק צו פערגיסען דיא ביסעל חטאים,
אַ קירכע צו בעטען ביי יאָסעלע פאַנדרע.

עס האָבען זיך גוט פריינד געלעבט דיא בנינים,
דאָך שיינקער און פּריסטער געקריעגט וויא ליידאַקעס,
דען קליין איז דער דאָרף, נאָר אַ ביסעל קבצנים,
עס פעהלען שכורים, עס פעהלען פרומאַקעס.

דער גלח, אום עטוואָס צו ציהען אַ נוצען,
האָט שטענדיג ביים שיינקער דיא משקה גע'אסור'ט,
דער שיינקער פלעגט וויעדער דעם גלח בעשמוצען,
אַזוי האָט אַליין איינער דעם צווייטען גע'מסר'ט.

דאָך זיינען מחלוקת נאָר דומע תחבולות,
און קריעג, און זלזולים קיין דאַנקבאַרע מרחת,

דען הערכסטענס געווינען דערביי דיא כאַמולעס,
זיי ווייכען פון שיינק און זיי ווייכען פון קירכע.

דורך שלום און אחדות נאָר קען מען געניסען
פעראייניגונג נאָר איז דיא בעסטע תחבולה,
אין שיינק זאָל זיין לוסטיג, דער שנאַפּס זאָל זיך גיסען;
אין קירך זאָל זיך פרעהען דיא „הייליגע בתולה“......

און קוים האָבעןביידע זיך: שיינקער און גלח
געגעבען דיא הענד, האָבען גלייך דיא ערלים
דערהערט אַז אין דאָרף איז געקומען א מלאך
און האָט דאָרט געוויעזען אַ זעלטענעם צלם.

דערצעהלט האָט דער שיינקער אליין מיט אַ פייער
זיך צלם'ענדיג פאַר אַ באַנדע שכורים,
אַז גאָט איז געשטאַנען ביי איהם אויפ'ן שייער
פערטיעפט מיט'ן מלאך אין הויכע דבורים.

און גלייך האָבען אַלע בעטרונקענע יורעס
געשוואָרען בעזונדער, געשוואָרען צוזאַמען,
אַז זיי האָבען בייגעוואוינט שרעקליכע גבורות
אין שיינק אויפ'ן דאַך פון דער הייליגער מאַמען.

דער גלח האָט אויך געמאַכט פול אין דיא דרשות
מיט ווערטער, וואָס האָבען געפלאַקערט וויא צונטער,
אַז יעצט וועט דערהערט ווערען יעדענס בקשות,
און ווער עס קומט קראַנק מוז אַוועק אַ געזונטער.

דער דאָרף איז געוואָרען פערשוואומען מיט מענשען,
מיט טויזענדע, — ווער האָט געקענט זיי גאָר צעהלען.
מיט פרומע, וואָס זיינען געקומען זיך בענשען,
מיט קראַנקע, וואָס זיינען געקומען זיך היילען.

דער כלל, יענער מסחר האָט אויפגעטהאָן וואונדער!
מיט ליידיגען קומט ניט קיין איינציגע נגע —
דער גלח צעהלט געלד און דער שיינקער בעזונדער,
דער עסק ווערט גרעסער פון רגע צו רגע.

דאָך איינמאָל האָט גראַדע געדאַרפט זיך פּאַסירען,
אַ גוי איז געקומען אין דערפעל צו הינקען,
ער איז זיך נאַטירליך געקומען קורירען
און אגב דיא הייליגע משקה צו טרינקען.

דער גלח האָט טעגליך אַ פדיון גענומען,
עס איז דאָך אַ מצוה צו שינדען כאַמולעס,
דאָך פּונקט וויא דער גוי איז מיט קולעס געקומען,
אַזוי איז ער ווידער אַוועק מיט דיא קולעס.

און זיצענדיג איינמאָל אין שיינק ביי דיא ספּירטעס
איז פּלוצלונג דער גוי אַ צוקאַכטער געוואָרען:
„אַ שווינדעל דיא הייליגקייט, מענשען פערפיהרט עס!“
האָט ער זיך צושריען מיט ביטערען צאָרען:

„עס זיינען דיא בלינדע נאָך בלינד וויא געוועזען,
עס הינקען נאָך דיא, וועלכע האָבען געהונקען, —

בײַ איך איז נאָך קײנער געװאָרען גענעזען,
ממזרים, אַז װערען זאָלט איהר אײַנגעזונקען!"

„אַ, נײן!" האָט דער שײנקער געזאָגט, „כ'קען ניט שװײַגען
דער שרײַער איז שכור, — בײַ גאָט איז געשװאָרען!
דאָ זײַנען אין קורצען — איך קען איבערצײַגען,
צװײ גרױסע „חלאים" געהאָלפען געװאָרען...."

מאָראַל:

מען פרעגט אָפּט פאַרװאָס קהל'שע פיהרער און שונאים,
װאָס האָבען זיך אָפען געשפּיגען אין פּנים,
װאָס האָבען זיך אימער געגראָבען מיט פרײַדע,
פערבינדען זיך פלוצלונג און קושען זיך בײדע?
אַן אײנפאַכע זאַך, דערצו דאַרף מען קײן דענקער,
דער תירוץ ליגט פּראָסט אין גלח מיט'ן שײנקער.



# אָרע לייבעס

(אַן אַלטער פאָלקס מאָטיוו.)

אָרע לייבעס פון יאַכנאָווקע
איז אַ וויט בעריהמטער נגיד,
נאָר אַ קמצן. דיא יאַכנאָווקער
טאַדלען אַלע אָרע לייבעס.

אַלע לאַכען פון דעם גייץ־האַלז,
פון זיין לעבענסאַרט און פיהרונג,
לאַנד און לייט דערצעהלען מעשות
פון דעם קאַרגען אָרע לייבעס.

פון זיין בּארכענע קאַפּאָטע,
דיא ירושה פון זיין זיידען,
וועלכע דיענט אי וואָך, אי שבת
אונזער רייכען אָרע לייבעס.

מען דערצעהלט וויא זיין געזינדעל
מוזען נויטה און הונגער ליידען,
וויא עס זשאַלעוועט זיי עסען
טאַקע פשוט ארע לייבעס.

וויא ער שנאָרט נאָר, וואו אַ שמחה
קומט ער זיך מיט דיא בּני בּית,
אָבּער זעלטען טרעפט דאָס דאָרטען
אונזער קאַרגען אָרע לייבּעס.

דען יאַכנאָווקע איז אין גאַנצען
ניט פיעל גרעסער פון אַ געגעץ,
אָבּער גרויס איז דיא „כאַליאַסטרע“
און דער הונגער אָרע לייבּעס.

דאָך אַצינד איז פול דיא שטעדטעל
מיט ר׳ מייזעל׳ס רייכע סעודה
און עס גרייטען זיך נגידים
און עס גרייט זיך ארע לייבּעס.

דאָך ר׳ מייזעל איז אַ שטרענגער,
אונגעבּעטען דאָרט צו קומען
איז אונמעגליך, נאָר נישט קשה: —
ער וועט רופען אָרע לייבּעס....

דען וויא בּעט מען ניט אַ שכן
צו אַזאַ בּעריהמטע שמחה
וואָס פערקלינגט דעם גאַנצען געגענד?
מען וועט בּעטען אָרע לייבּעס.....

און מען פייניגט זיך אַ חודש,
מעהר נאָך, שוין בּאַלד צוויי חדשים!

וואַרטענדיג אויף יענעם מאַלצייט
שטאַרבט מען שיער ביי אָרע לייבעס.

דאָך אַ חוץ דיא פּאַסטער, זיינען
אַלע שטאָדט־לייט שוין געבעטען, —
היינט קומט אָן ר׳ מייזעל׳ס שמחה
וועט ער רופען אָרע לייבעס?

---

אין דער שוהל־גאַס פון יאַכנאָווקע
שטעהען צוויי מאַסיווע הייזער,
ניט קיין איבעריג געפּוצטע, —
ביידע נאָך דעם אַלטען סטראָי.

קענטיג, דאַכט זיך, אַז אין ביידע
וואוינען שעהנע בעלי בתים,
נאָר פערשיעדען, זעהט זיך, פיהלט מען
אין דיא הייזער היינט דיא צוויי.

זעהט זיך, אַז אין איין הויז לעבט מען,
אַלע לאַכען, אַלע שטיפען,
פריידען איבער פריידען, אָבער
אין דער אַנד׳רער איז אַ קלאָג.

דאָ איז ציער און דאָ איז לעבען,
יעדער ווינקעל גלאַנצט און שימערט,
טישען שטעהען געקרעדענצטע
מיט דאָס בעסטע אין דער וועלט.

דאָרטען אָבער הערשט אַ שטילקייט
פונקט וויא אויף אַ בית הקברות, —
אַלע זיצען וויא פערגליווערט,
נאָר דער אַלטער צעהלט זיין געלד...

מיט דיא דאַרע פינגער שאַרט ער
דיא מטבעות און זיי קלינגען
וויא לויה פושקעס, טרוי'ריג,
אין דער אומעטהיגער שטוב....

און דיא אויגען פינקלען קעציש
ביי דעם שימער פון דיא רענדלאך
און דיא אויערען פערנעהמען
מיט בעגעהר דעם קאַלטען קלאַנג...

אַז דער צעהלער איז דער קאַרגער,
דאָס איז איבעריג צו זאָגען
און אַז יענע הויז פול פריידען
איז ר' מייזעל'ס קען מען זעהן.

---

זעהט איהר וויא דיא סאַרווער „פאַדען"
אַרום רייך געדעקטע טישען,
וויא דער עולם עסט דיא סעודה
מיט געזונדען אַפעטיט?

יא, עס וועקסלען זיך געריכטען,
דיא געשמאַקסטע און דיא בעסטע

און דיא רייכסטע לעקער ביסען
און געטראַנקען אַלערליי!

און אין מיטען שפּיעלען כלי זמר,
שייקע פאַנטאַזירט משונה
אויף זיין פידעל און דער חזן
אויפ'ן „באַי־קול" האַלט איהם צו....

בערקע בים באַם וואַרפט מיט גראַמען
און דער עולם קייכט פאַר לאַכען:
„אַז גע'הרג'עט זאָל ער ווערען,
וויא געשווינד ער מאַכט אַ גראַם!"....

דאָך דערבּיי דאָרט דורך אַ פענסטער
קוקט אַרוים אַ בלייכער נפש
מיט פערקאָכטע ווילדע בליקען
צו דער חתונה אַצינד.

ניין, איהם ריהרט ניט שייקעס פידעל
און דעם חזן'ס אונטערהאַלטונג,
דען ער זעהט וויא מענשען עסען,
עסען מיט'ן פולען מויל....

טענער שפּייזען ניט דעם מאָגען
און דיא שעהנסטע מעלאָדיען
און דיא ליעבליכסטע געזאַנגען
קרעפטיגען דיך ניט וויא ברויט.

קענסט דעם גוף מיט גייסט ניט זעטען
וויא דו זעטיגסט דיא נשמה, —
יענע קיך וואָס שפייזט דיא זעעלע,
לאָזט דעם קערפער דיר פערשמאַכט.

יא, עס איז ניט צו פערדיינקען
ארע לייבעס, וואָס עס רייסט איהם
וויא מיט צוואַנגען צו דיא גלעזער
און דיא שיסלען פעט און פול.

כעס און הונגער, ביידע האָבען
ווילד געפייניגט אָרע לייבעס,
דאָך דער צאָרן קען נאָר צעהרען
און ניט קרעפטיגען דעם לייב.

אָ, דיא האָפנונג, דיא פערדאָמטע!
וויא זיא נאַרט דאָס אָפּ דעם מענשען!
באַלד איז נאָך דער גאַנצער סעודה
און דער טאָג האָט שוין פערבלייכט.

אייביג קען דער מענש ניט ליידען,
וואַרטען, וואַרט זיך ביז אַ צייט נאָר
און געזאָגט האָט מיט יסורים
אָרע לייבעס צו זיין ווייב:

„זאָלען זיי זיך דאַרטען ווערגען!
אויף להכעים דיא ממזרים,

שאַשע מירל, קאָך אַ קרופּניק,
קרופּניק, יאָ, פון קרופּניק לאַנד.

„זאָלען זיי צופּוקעט ווערען
קוקענדיג אויף אונזער קרופּניק,
וויא מיר זיצען אַלע פריציש,
דאָ ביי אונזער אייג׳נעם טיש!......."

און פערצעהרט איז שוין דער קרופּניק
און פערטריעבען איז דער הונגער.
ווייב און קינדער שלאָפען רוהיג,
אַרע לייבעס דרעמעלט אויך....

דאָך ווער קלאַפּט דאָס דאָרט אין פענסטער
און ווער וועקט דאָס אַרע לייבעס?
דאַכט זיך, בערקע בים באָם איז דאָס,
בערקע בים באָם און כלי זמרים....

„קומט, ר׳ אהרון, מאַכט קיין שהיות!
אַלע וואַרטען אונגעדולדיג".
אַרע לייבעס: „אָט איך געה שוין,
קינדער, שאַשע מירל, גיך!"

„דאָך וואָס טהוט מען מיט דעם קרופּניק?
שנעל דיא פינגער אין דיא העלזער!
זשאַלעוועט ניט, מעהרער.... מעהרער.....
גיט אַוועק צוריק!.... צוריק!...

„דאָרטען וואַרטען פעטע פּופּקעס,
לעבּערקעס און דאַרע העלזלאַך,
קאַפּהענער און פלוימען צימעס
און דער בּעסטער מאַרענאַט.

„קיטקעס, טאָרט און פרישע לעקאַך,
צוויבּאַק אַלערהאַנד און קיכלאַך,
פּירות פון דיא בּעסטע, וויינען
כּאָטש צו צוואָגען זיך דעם קאָפּ".

פּאַרטיג שטעהט שוין דאָס געזינדעל:
מאָגען לעער, וויא פאַר דעם קרופּניק
און בּעלעקט זיך שוין בּעצייטענס, —
אָרע לייבּעס געהט פּאַראוים....

און דער בּדחן מיט דיא כּלי זמר
פּלאַצען פּשוט פאַר געלעכטער,
הערענדיג וויא אָרע לייבּעס
שטעהט און שליסט שוין אויף דיא טיהר....

„נו, ר׳ אהרן?" — „אָט מיר געהען!"
„וועלכע מיר, ר׳ אהרן, זאָגט נאָר?
אייך נאָר דאַרף מען, קומט וואָס גיכער,
זייט מחדש דיא לבנה"....



# שטן מקטרג

דערצעהלט אין אַ חסידים שטיבעל.

אַפגעפּראַוועט דיא עליות,
שטעהט ר׳ בענצע אויף דער ביהמע,
שטעהט און גרייט זיך צו דיא תקיעות
מיט אַ טרויעריגער שטימע.
און געגרייט איז אויך ר׳ מעכי
דער כאַנדאַוויטשער בעל בכי
אויסצורופען דיא סיגנאַלען,
וועלכע דאַרפען תיכף שאַלען
און פעריאַגען דעם סמאל,
וועלכער מסר׳ט אויף ישראל.

און דער עולם זאָגט מיט בכיות
און עס קלאַגט זיך, וויא דער שטייגער.
באַלד דערהערען זיך דיא תקיעות
און פעריאַגען דעם קטגור.
פון ר׳ בענצעס איין טרומייטער
ווערט דער שטן אַ צודרייטער,
אַ צומישטער, אַ צושטערטער,

ווער פערשטעהט דאָן זיינע ווערטער ?
ער פערשווינדט, מלאכים שוועבען
און מיר, אידען, בלייבען לעבען.

אָפּגעכליפּעט, אָפּגעציטערט
אַלע „למנצח׳ם" זיעבען
און דער עולם איז פאַרביטערט,
שטיל און אומעטהיג געבליעבען,
דאָך ר׳ מעכי׳ם הייסע ריטשעס
אויסגעמישט מיטווילדע קוויטשעס
וואַרפען סקרוכעס, וואַרפען שרעקען
אויפ׳ן עולם און זיי וועקען
נייעם יאָמער בייא דיא ווייבער,
אַז עס ציטערען דיא לייבער.

אָט צוטראָגט זיך דאָס אַ כראָפּען
באַלד דערנאָך אַ שטילעם קאַיכען,
באַלד אַ קרעכצען ; באַלד אַ סאָפּען,
באַלד אַ פּישצען אָהן אַ גלייכען,
דען ר׳ מעכי איז אַ וויינער.
זיין געוויין קען ריהרען שטיינער.
יאָהר נאָך יאָהר אַלץ פאַר דיא תקיעות
פראַוועט ער אין קלויז דיא בכיות
מיט אַ מורא, מיט אַ ציטער
און צופלאַקערט דיא געמיטהער.

דאָך ס׳איז לאַנגזאַם שטיל געוואָרען

און ר׳ בענצע מיט אַ כליפּען
נעהמט פאַמעלאַך זיך דעם האַרען
און ער לייגט איהם צו דיא ליפּען.
קוים נאַר פאַנגט ער אָן צו בלאָזען:
וועלען חברה זיך צולאָזען
אי פּצפּציה, אי טרטיאל,
מציה, פּציה און שלומיאל
נעהמענדיג זיך וויא יונים
צו דעם „סם“ דעם עזות פּנים.

און ר׳ מעכי האָט מיט מיהע
און מיט איינגעהאַלט׳נע גבורות
שוין געזאָגט דיא ערשטע „תקיעה“,
ציהענדיג איהר אויף טאַרטורעס.
און ר׳ בענצע וויל אַ בלאָז טהאָן
און צום הימעל הויך אַ לאָז טהאָן
דיא מלאכים, דיא מליצים,
וועלכע זאָלען וויא דיא פּריצים
ברייטלאַך פליהען פון דעם שופר
און מבלבל זיין דעם כופר...

דאָך, אַ וועה, אַ וועה, געשריען
ער, דער „סם“ דער כף הקלע׳ניק! —
אַך, אומזיסט ר׳ בענצעס מיהען! —
בלאָזט אומזיסט, דוא מערידאלניק!
ניין; עס וועט דיר נישט געראָטהען! —
אין דעם שופר שטעקט דער שטן.

מעגסט געהן טויזענד מאָל נקיות, —
ער פערהאַלט דיר דאָך דיא תקיעות
מעגסט זיך קוועטשען, מעגסט זיך בלאָזען...
ער איז שטאַרק, ער וועט נישט לאָזען.

און אַ שוידער, און אַ ציטער
פאַלט אויף יעדען, אַלע קלאָגען:
מיט דעם „חברה מאַן” איז ביטער, —
ווער קען געהן מיט איהם זיך שלאָגען?
דער סמאל, גאָט גערעכטער!
מאַך איהם דוא נאָר צום געלעכטער!
מוטה, ר' בענצע, בלאָזט נאָר וויעדער!
דאָך דער „בחור” ווערט נישט מידער:
ליעגט אין שופר וויא אַ שררה, —
וויל נישט ווערען דיא כפרה.

דאָך ווער שטעהט דאָרט אַ פערקלערטער
אין אַ ספר איינגענאָרעט?
עפּעס רעדט ער פרעמדע ווערטער, —
באַלד פער'דבק'עט, באַלד פער'צרה'ט;
עפּעס רופט ער מאָדנע נעמען
נאָר ווער וויים איהם וואָס און וועמען?
שליסט דיא אויגען, מאַכט זייא אָפּען,
באַלד אין דרום, באַלד אין צפון, —
איז דאָס דאָרטען דער בעל מופת?
יאָ, ער איז דעם שטן תופס!

און דער עולם קוקט מיט שרעקען

וויא דער רבי האַלט מלחמה:
„גאָטט, אַ זכות אַל זיך דערוועקען
ער זאָל גובר זיין דעם טמא!"
און דער צדיק שפּרינגט און דרייט זיך.
בינדענדיג דעם „סם", פערשטעהט זיך!
און ער שרייט און שילט, און וויעגט זיך,
און ער פּליעסקעט און ער קריעגט זיך. —
הערט! ער רופט דיא אבות גיכער, —
איצטער נעהמט ער איהם, אויף זיכער.

נאָר דער „בחור" איז אַ שווערער.
אַ קאַטאַוועס, שוין פון דורות
ווייא ער פּאַקט זיך מעהר און מעהרער
אַליין מיט אידישע עברות!
און דער רבי בייסט דעם קיטעל
און ער קלעהרט דעם לעצטען מיטעל
ווייא דעם „עוכר" צו פעריאָגען
און זיין בעזען פּלאַן צו שלאָגען. —
יאָ, אומזיסט דעם שטן׳ס גדולה —
זעה: דער רבי האָט אַ סגולה!

מעגסט שוין בלאָזען, בעל תוקע!
שוין געהיילט ישראל׳ס וואונדען: —
מיט אַ האָר פון רבי׳ן׳ס פּאה
ליעגט שוין וויא אַ שעפּס געבונדען
דער מקטרג, דער צושטערער.
פּליעסקעט, חסידים, מעהרער, מעהרער!

איהר וועט כאַפּען בייא דעם רבּי'ן
דיא שיריים; איהר וועט לעבען, —
זעהט, דער צדיק ווינקט צופריעדען:
„איצט וועט מען אייך בלאָזען, אידען!"

און ר' בענצע פּאָלגט דעם רבּי'ן: —
תקיעות קומען, שברים, תרועות
און דיא יונגע קולות שוועבען
און זיי זאָגען אָן ישועות.....
וויא אויף פייערדיגע שימלען
פליהען שרפים אין דיא הימלען
און צומישען שוין דעם שטן —
וויא דער רבּי האָט געבּאָטען.
יעדערער האָט רייד געפונען:
„ער זאָל לעבען האָט געוואונען".



# דער רים

ווען איך בין געוועזן אַן אונשולדיג קינד,
אין וועלט־זאַכען פרעמד און אין גאָט זאַכען בלינד,
געדענק איך: דער שמש אין פּאָליש ביים וואַנד
פלעגט שטעהן מיט אַ לאַנגע רצועה אין האַנד —
מיין טאַטע פלעגט ליעגען ביי איהם צו דיא פּיס
און צאָהלען מיט גראָשענס פיר יעדווידער רים.

עס רוקט זיך דיא צייט, דאַכט זיך, גאָר אונבעטראַכט,
מען האָט מיך מיט מזל אין חדר געבראַכט.
אַ נייער זאָרט לעבען, אַן אַנדער מין וועלט:
אַ אידליק, אַ כעסן, ער שמייסט און ער קנעלט;
ער האַקט מיט'ן קאַנטשוק, עס ווערט איהם ניט מיאוס—
מיין טאַטע צאָהלט גראָשענס פיר יעדווידער רים.

בר מצוה, איך שטעה און איך דרשה'ן געשמאַק,
דער רבי'ל גיט כלומרשט אַ קניפּ מיר אין באַק,
אַ קניפּ גיט דער חזן מיר אויך און ער זאָגט:
„אַ, ווער ס'אַרא קעפּיל דער אינגעל פערמאָגט:
זיין דרוש איז געפּערעלט, זיין מפטיר איז זיס",
און יעדערער מיינט נאָר צו געבען אַ רים...

אויף אונגליקען וואַקסט מען, און איך בּין שוין גרויס,
מען רייסט מיך פון מיינע געליעבּטע אָרויס:
אַ זעלנער, דיא עלטערן וויינען זיך בּלינד,
עס וויינט שוין אַ פרוי און עס וויינט שוין אַ קינד.
אַנטלויף נאָך אַמעריקאַ, אָדער געה שים...
וויא שווער איז דיא שיידונג, וויא טיעף איז דער רים!

עס זיינען שוין צעהנדליגע יאָהרען פאַרבּיי
און אימער דאָס אייגענע נאָך — רייסעריי!
איך זעה אין מיין לעבּען קיין איין גאַנצען בּים;
אַ אידישעס לעבּען — אַ רים אויף אַ רים....
דיא שוהל און דער חדר, דיא „חברה“, דאָס לאַנד —
עס רייסט יעדער איינער, וואָס האָט נאָר אַ האַנד....



# שלומיאל אין באזעל

עס האָט זיך געענדיגט מיט גליק און מיט מזל
דער גרויסער קאָנגרעס פון דיא אידען אין באַזעל
מיט האָפפנונג צו בויען דעם ווּיסטען „אריאל“.
דער זאַאל דער פערפוצטער, איז מעהר שוין ניט געסט־רייך,
נאָך פראַנקרייך פאָהרט נארדאו און הערצל נאָך עסטרייך,
צוריק נאָך אַמעריקאַ פאָהרט ר׳ שלומיאל.

עס שטעהען און ווארטען אַ מנין געבריכטע:
„אוי, זעהט, ר׳ שלומיאל דערצעהלט דיא געשיכטע!
וואָס האָבען בעשלאָסען דאָרט אונזערע גדולים?
אוי, ווען ווערט דער איד שוין בעפרייט פון זיין תפיסה?
ווען קריגען דיא שונאי ישראל דיא מיתה?
אַ, ווען װעלען אידעלאך ווערען דיא ע ו ל י ם?

„וויא לאַנג וועט מען צווישען דיא גוים מאַרודזשען?
אַ, ווען וועלען אידען דערלעבען זיך פרודשען
אין ציון, ניט ווייט פון דעם שעהנעם לבנון?
זיך שמייסען מיט בעז׳מער פון גרינע ערבות,
געבונדען מיט לולב, געפלאָנצט פון דיא אבות —
אַ, ווען וועלען אידען זיך בעזימען קאָנען?

„אָ, ווען וועט דאָס טרפות פערלירען דיא שליטה,
און הייליג וועט ווערען דיא אידישע שחיטה . . . .
און אידעלאך װעלען ז י ך עסען צופריעדען ?
אָ, ווען וועט דערלעבען דיא טהייערע אומה
צו געבען דעם כהן אי מעשר, אי תרומה ?
אָ, ווען ווערט שוין ראָטהשילד אַ קיסר ביי אידען ?

„אָ, ווען ווען קאָנען דעם בורא׳ם משרתים
פערשטיינען, דערווערגען דיא כת אפיקורסים,
דיא פרייע שוויסטונעס, זיי זאָלען געשוועלען !
אָ, ווען, ר׳ שלומיאל, וועט איהר אַמאָל קאָנען
דיא איצטיגע צרות אין פריידען דערמאָנען
און אנשלאָגען פושקעס אָט וואו איהר וועט ווען ?

„און נעהמען, און טאַקע גאָר קיינעם ניט פרעגען ;
און שטעלט זיך אַ שייגעץ מיט קשיות אנטגעגען —
אַריינגעפּאַקט גלייך אין דער הייליגער קונע !
וואָס הייסט עפּעס קלערען אין נסתר ? וואָס הייסט עס .
נסתרות, — דער בורא אַליין מעהר ניט ווייסט עס,
און אידעלאַך מוזען נאָר האָבען אמונה.

„דערצעהלט, ר׳ שלומיאל, דערצעהלט אונז דעם תוכן :
אָ, ווען וועט דער גיהנום שוין נעהמען זיך רויכען
מיט ז י י דאָרט, אַ רוח אין זייערע טאַטעס !
ווען ווען דיא שקצים זיך אויפהערען גאָלען ?
אָ, ווען וועט זיך אידישקייט נעהמען בעצאָהלען ?
אָ, ווען ווען אונזערע ווערען דיא כוואַטעס ?

„דערצעהלט, ר׳ שלומיאל, מיר זיינען דאָך געוון
פון יענער אסיפה דעם אינהאַלט צו הערען —
אַ שפּאַס האָט זיך דאָרט געמוזט קאָכען און רעש׳ן!
אַ קלייניקייט עפּעס דער אידישער גלויבען?...
דיא אידישע גאולה!.... אוי דאַנקען און לויבען
נאָר דעם וואָס מיר האָבען דיא הענד ניט געוואַשען.״

שלומיאל הייבט אָן זיך פּאַר צרות צו קראַצען:
„דערצעהלען פון באַזעל — אוי, זאָל איך צופּלאַצען.
אויב איך קען אפילו אַ וואָרט זיך דערמאָנען,
אַ שפּאַס האָט זיך דאָרטען געטהאָן; איך זאָל קריינקען,
אויב איך קען אַ האאָר חאָטש, אַ ברעקעל געדיינקען,
אוי, אידען, געוואַלט! אַ כפּרה מיליאָנען!

„נאָר סתם, וויא קום איך דאָרט אַ איד אַ פערשמוצטער,
אין יענער געבילדעטער וועלט דער פערפּוצטער,
אַ וואו עס געפינען זיך זאָלכע מאַגנאַטען,
וויא מאָרדע און יערצעל און אַנדערע גאונים?
כ׳האָב שיער ניט פערלאָרען פּאַר שרעק דיא תחתונים;
אַ זכות האָט זיך דאָרט נאָר ערוועקט פון מיין טאַטען.

„אוואו האָט דאָרט מיינע אַ שטימע געגאָלטען?
אוואו האָט אוועך דאָרט אַ באָרד מיט אַ קאָלטען?
אוואו האָט אַ חן דאָרט מיין חומש און רש״י?
אוי, אידען, איך האָב זיך דאָרט שיער ניט בעגראָבען,
אוי וועה, ס׳אָרא קאָפּ אָט דער יערצעל מוז האָבען!
אַ קלייניגקייט האָט ער פּאַרקאָכט דאָרט אַ קאַשע!

„אַ שפּאַס האָט מען דאָרטען גערעדט אויף לשונות!
פּיש, פּיש, אַז איך זאָג אייך, רבותי — גאונות!
פראַנצויזיש און טײַטשיש, װער װײס זיי װאָס נאָך דאָרט?
עס האָט מיך געהויבען, עס האָט מיך געטראָגען,
װאָס זאָל איך אייך אָנהויבען מעלדען און זאָגען?
אוי, אידען, עס האָט מיך געכאַפּט שיער דער בראָך דאָרט.

„פּאַרפּאַלען! נו, בין איך געפאָהרען, געקומען.
װאָס העלפט עס, רבותי? געהט ברענגט דיא מזומן!
פּאַרפּאַלען! אין לעבען קען אַלעס פּאַסירען;
פיר אייך אָבער, אידעלאַך, בין איך אַ קענער,
און „עססעקס" און „העססטער" קען איך, װיא זאָגט יענער,
צו יעדװידער צייט נאָך בעלעהרען און פיהרען.

„נו, געהט, באַלעמוטשעט ניט, זעהט מיר צו ברינגען,
װאָס גיכער דיא רונדע און גלאַטע, װאָס קלינגען,
דען פאָהרען נאָך באַזעל — יאָ, אידעלאַך, שאַצט נאָר!
יאָ, אמת איך בין ניט געװען אויבען־אָן דאָרט,
פון דעסטװעגען האָב איך נאָך עפּעס געטהאָן דאָרט,
דען קראַצען האָב איך זיך דאָרט איינער געקראַצט נאָר."



# א יונג מיט „מעלות“

ער איז א ליכט, ער איז א שאין,
ער איז א גואל, זאָגט ער,
רוקט אומעטום זיין צונג אריין,
וויל איבעראל א מאכער זיין,
דען חוצפה, דאָס פערמאָגט ער,
ער רעדט פון קונסט, פון ליט׳ראטור,
פון אלע שעהנע זאכען,
און צייגט ארויס דעם גאנצען בור
און מאכט דיא קענער לאכען.
דער כלל, ער איז א יונג א כוואט
מיט אלע גוטע מעלות,
ביים עולם אָבער הייסט ער „סמארט“
און פרעגט מיך מעהר קיין שאלות!

ער זאָגט, ער אגיטירט אומזיסט
און נעהמט דערפאר א האָר ניט.
אט היינט איז ער אזא מין „איסט“
און מרגען שוין אנאנדער מיסט,
און איבערמאָרגען גאָר ניט.
אין חברות ווערט ער שנעל בעקענט,
דען וועמען טרויט מען גיכער?

און אַפּט פערשטעכט ער זיך דיא הענד
בּיים גראַבּלען אין דיא בּיכער.
איהם קען דער דזשאַדזש, דער אַדוואָקאַט,
ער מאַכט אין קאָורט אַן יעלות,
בּיים עולם אָבער הייסט ער „סמאַרט“
און פרעגט מיך מעהר קיין שאלות.

און ווילט איהר וויסען וויא ער הייסט,
דער חברה מאַן, דער שעהנער?
דאַן שווער איך, זיכער אַז איהר ווייסט,
פון איהם נאָר הערט עס זיך אם מייסט,
עס קען איהם יעדער איינער.
ער איז פאַראַן אין יעדע שטאָדט
צו שאַפען אידען קללות,
צו מעהרען וועה, צו בּרענגען שפּאָט,
צו פעפערען דעם גלות.
ער נאַרט דיא וועלט און ווערט ניט זאַט
און ריהמט זיך נאָר מיט מעלות,
בּיים עולם אָבער הייסט ער „סמאַרט“
מען גלויבּט איהם גאָר אָהן שאלות.



# דער לייב און דיא מויז

(פאָלעמישעס)

האָט איהר אַ מאָל געזעהען דעם שטאַרקען לייב
ווען ער דערלאַנגט זיין שטאָלצען קאָפּ אַ הייב
אַ טרייסעל מיט דער גריווע און אַ ברום ?
דער וואַלד דערשרעקט זיך און דיא ערד אַרום.
דער טיגער בלייבט פערבליפט, דער לעמפּערט שטומט ;
דיא אייזערנע גאָרילאַ בלייבט פערמומט ;
פערצאַפּעלט ווערט פאַר שרעק דער ווילדער שוויין ;
דיא שלאַנג קריכט וויעדער אין איהר לאָך אריין ;
דער בער האָט מורא נאָך זיין רויב צו געהן,
דער בעזער וואָלף בעהאַלט דיא שאַרפע צייהן ; —
איין חיה'לע נאָר לאַכט פון לייב זיך אויס,
איין בריה'על א נבזה'קע, — דיא מויז.

זיא רעדט זיך שפּעטענדיג און פריילאָך
פון וואַלד, פון זיין געקרוינטען מלך :
„איך בין דאָך נאָר אַ קליינער שרץ
אנטגעגען אייך, איהר גרויסע חיות,
דאָך לאָך איך פון דעם לייב'ס הויות
און האָב קיין ברעקעל דרך ארץ.

זיין קראפט,
קיין האפט,
ניט אמת, מיינע טרייע שרצים,
איהר ווערים, יאשטשירקעס און שקצים ?
זיין ברום
איז דום,
וויא קען ער זיך צו מיר פערגלייכען ?
ער קוקט מיך אָן און מוז מיך ווייכען.״

דאָך ווען דער פוקס איז גראד דערביי
און הערט דער נבזה׳ס קווימשעריי,
דאן גיט ער פריילּיכדיג אַ לאך
און זאָגט איהר אוים דיא גאנצע זאך :
„וויא זיכער ביסטו, מייזעל, אין דיין „זיעג״ !
דען ווער וועט עם מיט דיר געהן פיהרען קריעג ?
דו מעגסט בעליידיגען דעם לייב אליין,
ער וועט ג ע ו ו י ס מיט דיר אין קאמפף ניט געהן.
מלחמה האלטען מיט אַ מויז — צו וואָס ?
דו זידעלסט — נו, ווער האָט דערפון פערדראָס ?
ביסט גליקליך, מויז, דיין נישטיגקייט אַ דאנק,
דיין קלייגקייט מאכט דיך פריי און פראנק.
מיט דיר צו שטעלען גלייך זיך אויפ׳ן פלאטץ
איז טאקע נאַר אַ׳ן עסק פאר דער קאַץ.״



# דער לאַטוטים

אָדער דער לומפּענשניידער

(פּאָלעמישעס)

שניידער בין איך און וועל שניידען
אימער מעהר און מעהר.
וועה דעם, וואס וועט מוזען ליידען
פון מיין שאַרפע שעהר.
שניידען וועט עס אייך און קלעהמען,
קלעהמען פון דאָס נייי.
ציטערט, דען איך וועל זיך נעהמען
צו דיא שניידעריי!

וועט מיין שעהר ניט שניידען קענען,
גליהט מיין אייזען רויט.
איך וועל פּרעסען, איך וועל ברענען,
ברענען אייך צום טויט.
וועט דיא צייט מיין אייזען קיהלען,
גילט מיין נאָדעל נאָך
און איהר זאָלט אויך ענדליך פיהלען
ביז צום ביין מיין שטאָך.

איך בין אַ „לאַטוטים“, ניקסען
זיינט איהר, — דאָס איז וואָהר!
גאַנצעס האָב איך ניט צו פּיקסען,
לומפּען פּיקס איך נאָר.
אַלזאָ שטומט אין איי'רע זומפּען,
שמירער פון בּעטרוג!
דען צו שניידען אייך, איהר לומפּען,
בּין איך גוט גענוג.



# ברויט מיט טהעע

נאָר ברויט מיט טהעע, און ברויט מיט טהעע,
דאָס איז א קעסט זאָ אָך און וועה.
דען ביסטו, גאָט, אויף מיר אין כעס,
וואָס דוא ערלויבסט זיך דיעזען שפּאָס ?
צו זשאַלעוועו סערדינס א באָקס,
א שטיקעל קעז, א ברעקעל לאָקס,
אַביסעל מילך, אמאָל אָן איי !
נאָר ברויט מיט טהעע, און ברויט מיט טהעע,
דאָס איז א קעסט זאָ אָך און וועה !

דוא שפּילסט עס תקיפות, גאָט, מיט מיר ?
איך זאָלל זיך איינבעטען בייא דיר ?
נאָך ווייניג האָב איך טאָג און נאַכט
אין בּעטען דיך אליין פערבּראַכט ?
דאָך וואוין איך אויף דעם פינפטען שטאָק,
מיין תפילה הערסטו וויא אין טראָק, —
משמעות, גאָטט, דוא ביסט אליין
אויך ניט מיט א ל ל ע מ ע ן, איך מיין,
דיר מוז עס אויך ניט ע ק ס ט ר א געהן. . . .

נאָר ברויט מיט טהעע, און ברויט מיט טהעע,
וואָס טויג דיא קונצען, איך פערשטעה:
דוא וואָלסט געגעבען, גוטער גאָטט,
דיא צייט איז שלעכט, דוא ביסט באנקראָט.
דוא ביסט און מוזט דאָך זיין גערעכט
וואָס העלפט עס, יא, דיא צייט איז שלעכט!
כ׳האָב וועקסעלאך זאָגאר פּאָרפּול,
איך האָב א „מאָרגיידזש“ אויף דיין שטוהל,
נאָר געה און קריך מיר אזש אין זבול!

נאָר טהעע מיט ברויט, און ברויט מיט טהעע,
דאָך וויל איך וויסען דיעזען דרעה:
דוא גיבסט דאָך עפּעס מאַנכען יאָ.
פיר מיר נאָר איז ביי דיר נישטאָ!
אויף דעם בין איך שוין גאָר ניט קלוג,
א שווינדעל, הא? ביי גאָטט בעטרוג?
נון, יעטצט פערשטעה איך, גאָטט, איך גלויב,
אז ערד׳ם עשירות קומט דורך רויב, —
איך קריך ניט מעהר פאר דיר אין שטויב.



# אין דער מדבר

עס שטעהט אין ווייטען מדבר
א פעגעלע אליין
און קוקט זיך אום פערוואונדערט,
און זינגט א ליעדעל שעהן.

זיין הימעל־זיסע שטימע
וויא ריינסטער גינגאלד פליסט,
און וועקט דיא שטילע טויטקייט
דיא סטעפע לעער און וויסט.

ער וועקט דיא טויטע הימלען
דיא שטומע סטעפ'ס ארום,
דאך בלייבען טויט דיא טויטע,
דיא שטומע בלייבען שטום:

פיר וועמען, זיסער זינגער,
זאג, קלינגט דיין העלער טאן?
ווער הערט דיך און ווער פיהלט דיך?
און וועמען געהסטו אן?

דו מעגסט דיין גאַנצע זעעלע
אַריינטהאָן אין דיין ליעד, —
אין דעם פערלאָרנ׳ם מדבר
קיין הערץ דערוועקסטו ניט.

נישט לאַנג וועסטו דאָ זינגען,
איך פיהל עס, איך פערשטעה:
דיין הערץ וועט גיך צושפּרינגען
פאַר עלענד און פאַר וועה.

אומזיסט איז וואָס דו פלייסט זיך,
דאָס וועט ניט העלפען, ניין!
אַליין ביסטו געקומען
און וועסט אַליין פערגעהן.



# דער פעדלער

דער היים האָט ער בעהערשט דיא קלויז,
האָט שאלות דאָרט גע'פסק'עט,
און דאָ געהט ער פון הויז צו הויז
און טראָגט אויף זיך א באַסקעט.

זיין קלער, זיין אויפטהו אין א דין
בעטרעפט דאָ מעהר קיין גראָשען.
ער איז אַ איד און ער איז „גרין",
אָהן געלד און אָהן א לשון.

עס גילט דאָ ניט זיין קלוגער דריי
אין תלמוד, זיין הסברה,
דאָ ענטפערט מען איהם: „נאָט טאָ דיי",
ווער דארף דאָ זיין גמרא?

זיין רייכער לאַנדסמאַן מייד'ט איהם אוים,
ער היט זיך, ניט צו זעהן איהם,
ווייל דאָ איז ער געוואָרען גרויס
און דיעזער „גרינער" קען איהם. . . .

אזוי, אָ, נעבעך געהט ער אום
און קלאַפּט אין פרעמדע טיהרען,
אַזוי פערוועלקט אַ שענע בלום,
וואָס וואָלט א פאָלק פערציערען!

# היינריך היינע

א מאָנומענט פיר היינריך היינע,
וויא לעכערליך, וויא דום דיא טענה !
א מאָנומענט פון קאַלטען מאַרמאָר,
פיר איהם, וואָס זיין געזאַנג איז וואַר'מער,
איז הייסער וויא דיא היטץ פון זומער,
פיר איהם, וואָס האָט דעם טיעפּסטען קומער.
געגאָסען אין א געטטליך פייער ;
וואָס האָט געצאָהלט אי פיעל, אי טהייער
פיר ליעבּעס הייליגע שליחות ;
וואָס האָט פערדיענט דיא העכסטע סמיכות,
דיא שעהנסטע קרוין פון פרייהייטס זינגער —
פיר איהם ווילט איהר מיט מענשענפינגער
אין קאַלטען שטיין, וואָס צייט צופרעסט עס,
א דיינקמאַל מאַכען, שאַט, פערגעסט עס !

פערגעסט עס, דען א היינריך היינע,
מאַכט זעלבּסט דיא מאָנומענטען זיינע.
ער האָט געשמיד'ט אין גאָלד'נע חרוזים
מיט פלאַמען פון זיין אייג'נעם בּוזים
א מאָנומענט פיר זיך אויף אימער,
אין „נאָרדזעע" טיעף, אין הימעלס שימער.
אין יעדער האַרץ, וואָס ליעבּט און ליידעט,

אין יעדע זעלע, וועלכע מיידעט
דעם וועג פון חנופה און געמיינהייט,
אין יעדען גייסט בעלעבט פון שעהנהייט.
ער דארף קיין שטיין, ער דארף קיין צייכען,
איהם קען פערגעסענהייט ניט גרייכען.
ער לעבט און ער וועט אייביג לעבען
וויא דער, וואס האט איהם אונז געגעבען.



# אַדאַ נעגרי

## דיא איטאַליענישע פּאָלקס־זענגעריו.

---

איך האָב אַ ליעבע שוועסטער
אין שעהנעם זידען ווייט.
דיא פייגעל אין דיא נעסטער
אין פריהלינגס בלומענצייט —
זיי לעהרנען דיא געזאַנגען
דיא הערליכע פון איהר,
דען זיא נאָר האָט דיא קלאַנגען
פול הימלישען פערלאַנגען,
פול ליעבליכקייט אָהן שיעור.

און דיכטער און מלאכים
בעוואונדערען איהר האַרף.
זיא זינגט אויף אַנדר'ע דרכים —
איהר ליעד איז היים און שאַרף.
זיא טראָגט דיא היטץ פון זידען
אין איהר געבענשטע ברוסט,
וואָס הייבט זיך פיר דעם מיעדען,
וואָס איז פון פרייד געשיעדען,
פון יעדע לעבענסלוסט.

דערפאר קען איך ניט שטילען
און ברינג צו איהר מיין דאנק,
דיא ווארעמסטע געפיהלען,
דעם ערליכסטען געשאנק.
דען פונקט וויא זיא בעקלאָג איך
דיא נויט פון אונזער צייט,
דען פונקט וויא זיא פערמאָג איך
נאָר טרעהרען, דארום טראָג איך
מיין גרוס איהר פון דער וויים.



# דער אידישער סאלדאט

נים ווייט פון פלעוונא, נאָר אַ הונדערט פופציג טריט,
איז דאַ אַ קבר, אָבער קיינער זעהט איהם נים,
דער אָרט איז איינזאַם, און פערלאַזען און אליין,
דאָרט ליגט קיין קראנץ, דאָרט שטעהט קיין מאַרמאָר שטיין
דאָרט וואקסט קיין גרעזעלע, קיין בליהמעלע, קיין בלאַט,
דאָרט רוהט אַ טויטער העלד, אַ אידישער סאָלדאַט,
א אידישער סאָלדאַט געפאלען דאַ אין קריעג,
וואו רוססלאַנד האָט געפייערט שטאָלץ איהר גרעססטען זיעג.

א טיעפע, טויטע שטילקייט הערשט דאָרט רונד ארום,
אָלסדינג איז איינגעשלאָפען, רוהיג, שטיל און שטום,
נאָר קוים שלאָגט אוים דער טהורעם זייגער האַלבע נאַכט
אַ שטאַרקער מזרח שטורעם דיא מינוט ערוואכט,
און עס געוויטערט, און עס שטורעמט, און עס שרעקט,
עס ליארעמט און עס פילדערט, גוואלדעוועט און וועקט,
און פון דעם שטורעם שפאלט זיך אויף דיא שטומע ערד
דער זעלנער הייבט זיך אויף פון קבר מיט'ן בלאַנקען שווערד.

ער שטעלט זיך אויף דער פעסטונג מיט א ווילדען מוטה,
און פון דער וואונד ביי איהם אין הערצען גיסט זיך בלוט,

עס פלייצט זיין ריינע בלוט, דיא וואונד אין הערץ אין גרויס,
און ער הייבט אויף זיין שארפען שווערד און דונערט אויס:
„שטעהט אויף איהר קריגס־חברים, צום געריכט ערוואכט!
זאגט עדות, האב איך טריי גענוג געקעמפפט אין שלאכט?
זאגט, בין איך ניט פיר רוסלאנדס עהרע, רוסלאנדס רייך,
געפאלען אויף דעם פלאץ מיט אללע העלדען גלייך?"

און וויא זיין ווארט פערקלינגט ערוואכען מיט א פלאם
חילות פיעל, וויא זאמד ביים ברעג פון שטילען ים,
דאס גאנצע קריעגער פאלק שטעהט אויף צו זיין פערלאנג,
פון נאהנטען און פון ווייטען קומט דער שווערער גאנג,
עס ווערט א טופעריי, עס ווערט א קלינגעריי,
א געהעריי, א דרעהעריי, א שפרינגעריי,
און יעדער זעלנער שרייענדיג הויבט אויף זיין האנד
און שווערט: „דו ביסט געשטארבען עהרליך פיר דיין לאנד"

און באלד ווערט וויעדער שטיל, קיין קאך קיין טענות מעהר
פערשוואונדען ווערט דיא גאנצע מחנה מיליטער;
נאר אויף דעם פעסטונג שטעהט דער אידישער סאלדאט,
זיין יעדעס ווארט איז דארט א גליהענדער גראנאט:
„א, רוסלאנד! האסט מיך פון מיין ווייב און קינד געשיידט,
געשטארבען בין איך פיר דיין עהרע יונגערהייט,
פאר וואס פעריאגסטו מיינע עלענדע אצינד?
איך שיק א טיעפען, שווערען פלוך דיר דורך דעם ווינד!"

און קוים פערהילכט דעם שילטער'ס קללה פול מיט פיין,
טראגט איהם דער שטורעם אין דער קאלטער גרוב אריין

און נאכט נאָך נאכט, אָט ריכטיג צו דער זעלבער צייט,
ווערט דאָרט דיא זעלבע סצענע, פון דאָס ניי בענייט.
דעם זעלנערם טיעפע, שווערע קללות קלייבען זיך, א שרעק,
און מעהרען זיך, און מעהרען זיך, און טראגען זיך אוועק
אויף פליעגלען פון דעם שטורעם מיט א ווילדע האסט
אין גאטשינע און שפרייטען זיך דאָרט אום אויף א פאלאסט.



מיין שפאקטיוו.

דיא נאטור האָט מיר געשאָנקען
גאָר א טהייערען שפאקטיוו,
אונגעשטערט אריינצובליקען
אין דיא מענשענהערצער טיעף.
מענשענהערצער, מענשענזעלען
און מחשבות, פאלש און קרום!
אינעוועניג פויל, פערדאָרבען,
אויסענוועניג גוט און פרום.



# אידישע חטאים

דיינע ברכות זיינען קללות.
אידעל, זיי דערפאר אין גלות.

עס קומען שוין ווידער די קלעגליכע וואכען,
די וואכען וואס געהען אין טרעהרען אוועק.
די ברוסט ווערט צוציטערט, דאס הערץ ווערט צובראכען,
דער זינדיגער קערפער, ער פלאטערט פאר שרעק.
און טיעף אין א ווינקעלע זיפצט די נשמה;
זי קרעכצט אין פערבערגענים, וויינט אין דער שטיל.
עס שרעקט זיך דער איד פאר די זינד מן הסתמא,
פיר זיינע פערברעכענס, וואס זיינען צו פיעל.

ער לאזט זיך פאנאנדער אין קלעגליכע ליעדער,
די טרעהרען, זיי רינען, די שטימע, זי קלינגט.
א גוואלטיגער אומעטה נעהמט דורך אללע גליעדער —
ער רופט און ער בעט און ער וויינט און ער זינגט,
און פלוצלונג דערהערט זיך א תרועה, א שברים,
דער פינסטערער שופר ברעכט דורך מיט א גוואלט.
עס ציטערען מתים אין זייערע קברים
און טרויעריג כליפעט דער פייגעל אין וואלד.

נו, כליפּ׳, כליפּע פייגעלע, גיס דיינע טרעלען.
נעהם טיעפער און שטאַרקער, און הייסער דעם שמערץ!
דיין ליעד איז מיר זעהער און זעהער געפעהלען,
ער פּאסט אזוי גוט צו דאָס אידישע הערץ.
אָ, נעהם עס אַדורך מיט דיין טרויריגען זינגען,
ניט שפּאָר דיינע וועהען, צוקלינג עס, צוקלינג!
און זאָלען פאראיינס אללע סטרונעס צושפּרינגען
ביי מיר טיעף אין בוזים, זינג, פייגעלע, זינג!

עס זיינען גערעכט זיינע שכנים, דיא גוים,
דיא אידישע שונאים, זיי זיינען גערעכט.
יא, גרוים זיינען זעהער דעם אידענס חטאים:
אָ, איד, ביסט אַ זינדיגער, איד, דו ביסט שלעכט!
ביסט ווערט דו זאָלסט ווערען בערויבט און בעריסען,
דיין זינד האָט קיין גלייכען, דיין זינד האָט קיין שיעור:
א איד טאָר ניט זינגען, א איד טאָר ניט וויסען,
א דיכטער, א דיינקער, וויא קומט עס צו דיר?

א אידישער דאָקטאָר, א איד א פּראָפעסאָר,
אַ איד אַ פאלקאָווניק, אַ יודע יוריסט!
פיר סאַשקען, פיר וואַסקען, פיר זיי פּאסט עס בעסער!
שלימזל, וואו קריכסטו, פערגעסט וואָס דו ביסט?
גערעכט זיינען דיינע פערפאָלגער, די דריקער!
אויף זיי אַזאַ מזל — זיי וויסען, פערשטייט:
ווען דו ביסט קיין מערדער, קיין הולטייע, קיין שיכור.
א ניכטערער מוח—וויא קומסטו צו זיי?

אַט האָסטו דיר שבת! ער זינגט גאָר אַ ליעדעל,
דאָס ווייב מיט דיא קינדער בעגלייטען איהם שעהן, —
וואָס דיינקסטו זיך עפּעס, וואָס דיינקסטו זיך, אידעל,
אַזאַ מין סקאַנדאַל אין אַ לאַנד צו בעגעהן?
פון דיינטוועגען מעג זיך גאָר האַליען און קריינקען
דער ווירט פון דיא קאָרטען, דער ווירט פון דעם קלוב,
דו שפּילסט ניט, דו טרינקסט ניט, דו זיצט און קיין שיינקען.
געמיינער פערבּרעכער, דו זיטצט גאָר אין שטוב!

און ווילסט נאָך, פּאַרשיווער זשידאָוויניק, זיך מעסטען,
צו וואַנקען, צו וואַסקען, זיך גלייכען צום קריסט?
און זוכסט נאָך אַ מונדיר, אַ טשין, און דעם גרעסטען?
„נאַ, וואָט טעבּיע ראַז!“ און פערשטעה ווער דו בּיסט!
„נאַ, וואָט“ — און זיי וויסען, וואָס הייסט עס זיין ניכטער,
זיך זינגען „מה יפית“, זיך זיטצען בערוהט,
אום שבּת ארומגעהן מיט גאַנצע געזיכטער,
אַ האָר ניט צודראַפּעט, קיין סימן פון בּלוט!

בּעטראַכט נאָר סטעפּאַנען, אַ, זעהסט? דאָרט געהט סאַשקע!
ס׳קוועלט פּראַסט דאָס האַרץ ווען מען קוקט נאָר אויף זיי:
דער פּנים צודראַפּעט, דער קאָפּ פול מיט משקה.
דיא ווייב צוקאַליעצעט, לויפט נאָך מיט געשריי,
דיא קינדער צושלאָגען, געלאָזען אין קרעצים,
אי בּאָרוועס, אי נאַקעט, צוציטערט פון קעלט;
דער טאַטע איז שיכור, האָטש נעהם און פערזעץ איהם,
פערשטעהסטו זאָג, איד, ווי מען לעבּט אויף דער וועלט?

ביי׳ם קייזער שטעהט אויכעט סטעפאן א סך גרעסער,
בעליעבטער פיעל מעהר פון דעם בעסטען „יעוורעי",
דען וואס דיא סטעפאנעס בעטרינקען זיך בעסער,
איז אלעס געשמאקער צו רייטען אויף זיי.
וואס נוצט דער רעגיערונג א קאפ וואס איז ניכטער ?
אנ־אפענע אויג און א ריינעס געפיהל.
וואס זעהט דיא רציחות פון פריסט און פון ריכטער,
און זאגט נאך פון חדר אפט אוים אין דער שטיל ?

ישראליק, הויב אויף צום בעשעפער א טענה ;
ער זאל פון דיר אפטהאן דיא שרעקליכע „זינד".
ער זאל זיך בעהאלטען דיא גוטסקייטען זיינע,
און מאכען דערוויילע דיך שטום, טויב און בלינד —
און אויב ער האט ליעב דיך אזוי וויא פארצייטען
און רופט דיך נאך אלעס „מיין טהייערע טויב".
טו זאל ער אין דיר אויך אזוי וויא אין „לייטען"
אריינגעבען ליעבשאפט צו שיכרות און רויב.

און כל זמן דו בלייבסט דא נאך צווישען דיא אומות,
יא, איידער דו ווערסט פון דיין גלות בעפרייט
געה, ווער אויך א חבר צו זייערע טומאות,
און מערדער, און שיכור, און ווער אויך א „לייט".
וואס זאגסטו ? דו קענסט ניט, איך וויים עס, א, ברידער!
ער קען ניט, ער וועט ניט, עס ווערט מיר ניט גוט !
א, קוועלט פון מיין הערצען, איהר טרוי׳ריגע ליעדער,
איהר אידישע ליעדער פון טרעהרען און בלוט.

# דער יודענשטאאט

אָדער איד און מענש.

אט האָט איהר אַ לִיעדעל אין אידישע גראַמען:
עס בינדט אונז קיין זאַך אַלס אַ אומה צוזאַמען.
מיר האָבען קיין לאַנד און מיר האָבען קיין לשון,
דער זיטצט גאָר אין הודו און יענער אין בשן.
גערה, דראָטע צונויף אַ צובראָכענעם שאַרבען!
נאָר מילא, „קיין אינגערע זאָלען ניט שטאַרבען".
מיר האָבען דעם בורא געזונג שוין דאַקוטשעט
און כלומר'שט אלס אומה געזונג זיך געמוטשעט.
מען זעהט דאָך אַז אונזער נאַציאָן איז צוריבען,
דאָך זיינען מיר ווענינסטענס מענשען פערבליבען?

יאָ, מענשען פערבליבען נאָך אַלע רדיפות.
איז פּראָסטע סאָלדאַטען, איז ניט מיט קיין שליפּעס....
מיר זיינען אודאי אַראָפּ פון אַ גדולה,
נו, מילא, פאַרפאַלען, איז ניט קיין „עם סגולה",
איז ניט קיין מלמדים אין וועלט'ס גרויסען חדר...
מען דאַרף אונז ניט מעהרער, געענדיגט אַ סדר!
מען קען שוין דיא תורה, מען ווייס שוין דיא חריפות!
וואָס טויג דאָ דיא גרויסקייט און פראַווען נאָך תקיפות?
מיר זיינען קיין פאָלק מעהר, עס מעג אונז פערדריסען,
דאָך זיינען מיר מענשען? אָט דאָס וויל איך וויסען!

אָט דאָס וויל איך וויסען, דאָך לאָזט עס צופריעדען!
וואו זיינען מיר מענשען? וואו זיינען מיר אידען?
מיר זיינען נישט אונטען און זיינען נישט אויבען. —
רבונו של עולם! טאָ וויא זאָל איך גלויבען
דיא אמונה זאָל ווידער נאָך ווערען געבאָרען
פון ברואים וואָס האָבען דעם „איך" שוין פערלאָרען,
וואָס ווילען מיט גוואַלד זיין צווישען דיא שונאים
און האָבען קיין חרפה כאָטש שפייט זיי אין פנים
וויא קען אַזאַ שטאָף, אַ צופוילטער, צוטרענטער,
אונז בויען אַ הייליגען, אידישען צענטער?

אַ אידישער צענטער, וויא קען עס געמעלט זיין?
וויא קען דאָרט אַ אָרדענונג, קען דאָרט אַ וועלט זיין?
הכשרים און פלאַמבעס און פעטע עליות,
רבנים וואָס טויגען זיך נאָר צו נקיות,
גבאות און פושקעס און פעטש פאַר אַ מפטיר,
און ציצית וואָס מעסטען זיך אוים אויפ'ן קלאַפטער,
און קללות און חרמות, און ווילדע איסורים,
און דעות פון פוחזים, ריקים און בורים, —
איך בעט אייך, וויא קען אַזאַ כ ת ה ל צ נ י ם
אונז בויען אַ וועלט וואָס זאָל האָבען אַ פנים?

אונז בויען אַ וועלט, אַ, ניט זייא וועלען בויען!
זייא ווילען דעם הייליגען צייט־גייסט ניט טרויען,
זייא וואַרטען משיח זאָל דורכרייטען זעזמער
און נעהמען דעם פאָלק, מערידאַלנע מיט כלי־זמר....
ניט זייא וועלען בויען, ניט זייא וועלען שמידען,

וואו זיינען זייא מענשען, וואו זיינען זייא אידען?
פאַר זייא איז אַנ־אָרט אַט אוואו נאָר זייא קומען,
אַבּי נאָר אַ מ נ י ן אַבּי אַ מ ז ו מ ן,
אַבּי נאָר אַנ־עירוב דיא דומהייט צו טראָגען,
אַבּי נאָר אַ שוהלכעל אוואו זיך צו שלאָגען.

אַבּי נאָר אַ שולכעל — ניט זייא וועלען צ י ו ן
דיא ליעבּע, דיא אַלטע ערוועקען צו בּליהען,
זייא דאַרפען ניט פריי זיין, געבּאָרענע שקלאַפען
פאַר זייא איז אַ שמוציגע גהעטטאָ בּעשאַפען,
אָ! לאָזט זייא פערזינקען און בּלייבּען פערפאַלען,
אויף זייא וועט דער מאָרגען שוין קיין מאָל ניט שטראַהלען,
אָן אייך אָבּער, בּריעדערלאך, יונגע און נ י י ע,
אָן אייך קען איך קניפּען פיעל האָפנונגען טרייע,
הערט אוים מיינע ווערטער! איך געה אייך יעצט בּענשען:
אויב ד אָ אָדער דאָרטען,—זייט א י ד ע ן און מ ע נ ש ע ן!



# קאטאלאג

פון דער

אינטערנאַציאָנאַלער ביבליאָטהעק פערלאַג קאָמפּ.

| | | פּרייז. |
|---|---|---|
| פּיליפּ קראַנץ, | קולטור געשיכטע, 3 בענדער, 1000 זייטען, 100 בילדער, שיין געבונ־דען, פּרייז יעדער באַנד | 75 ס. |
| „ „ | דיא געשיכטע פון דער גרויסער פראַנצויזישער רעוואָלוציאָן, 3 טהיילען אין איין באַנד, שיין געבונ־דען | 75 „ |
| „ „ | יציאת מצרים, מיט איין קארטע פון מצרים | 15 „ |
| „ „ | אַריסטאָטעל, זיין ביאָגראַפיע | 10 „ |
| „ „ | וואָס הייסט נאַציאָן — זיינען אידען אַ נאַציאָן? | 10 „ |
| י. גאָרדין, | גאָט, מענש און טייוועל, דראַמע אין 4 אַקטען | 25 „ |
| „ „ | וואָלטער, זיין ביאָגראַפיע | 10 „ |
| דר. קאַספּע, | מעכאַניקע, נאָך סיר אייזאַק ניוטאָן | 10 „ |
| „ „ | אַסטראָנאָמיע „ „ „ | 15 „ |
| „ „ | אָנפאַנג פון כעמיע | 15 „ |

